דער טונקעלער

# אָן גאל

וואַרשע — 1939

To Dad
from Hilda and Herbert
Feb-5-1940

הילע פראַיעקטירט פון מיין פעטער מענדל. —
די אויבערשטע שורה פון דער הילע געמאַכט פון רייף
דאָס בילד געמאָלט פון שער
די אונטערשטע שורה געמאָלט פון ח״ג
געזעצט פון הבחור הזעצער
קאָרעגירט פון טאַף — — —
פאַפיר, געקויפט אין אַ פאַפיר-געשעפט.
פאַרב, בײַ כאַצקל זאַלצמאַן.
געבונדן בײַ יאָסל אײַנבינדער.
אַרומגעשניטן פון זימל צײַנשטעכער.

Printed in Poland

Der Tunkieler
„ON GAŁ"
Druk. „Grafia"
W-wa, tel. 11.87-52

# גאַנדי דער צווייטער

אויף מיין רייזע איבער די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע בין איך געקומען אין אַ שטאָט, וואָס הייסט ספּרינגפילד, אַ שטאָט אין דרום פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

די באַפעלקערונג פון דער דאָזיקער שטאָט פאַרנעמט זיך מיט צוויי מלאכות: זיך אַריסטאָקראַטן און פיינט האָבן נעגערס. די ערשטע מלאכה באַשטייט אין זאָרגן פאַר שיינער האַלטונג, שיינע מאַנירן, הויפּטזעכלעך אויף טיש־באַנעמונג, דאָס וואָס מען רופט אין ענגליש „טייבל־מענערס“.

שיינע מאַנירן, עטיקעט, שפּילן אין דאָרטיקן לעבן גאָר אַ גרויסע ראָלע, אפשר גרעסער, ווי מאָראַל, רעכט, יושר. ווען איר קוילעט, למשל, אייער אייגענע מוטער, וועט מען אייך אפשר מוחל זיין. מען וועט אייך אויך מוחל זיין, ווען איר וועט מאַכן אַ האָלד־אָפּ און אָוועקרויבן אַ קינד. מען וועט אייך אָבער קיינמאָל נישט מוחל זיין, ווען איר וועט ביי אַ געוויסער געלעגנהייט נישט אָנטון דעם געהעריקן קראַוואַט, אָדער שפּאַצירן מיט אַ דאַמע שלא כדין, נישט וויסן מימין לשמאל, ווען צו גיין צו איר רעכטער זייט, און ווען צו גיין צו איר לינקער זייט. נאָך ערגער איז, ווען איר וועט, חלילה, נישט זיין באַהאַוונט אין דעם גאַנצן שולחן־ערוך פון טיש־מאַנירן, ווען איר וועט, חלילה, נישט עסן דעם געהעריקן מאכל מיט דעם געהעריקן גאָפּל־מעסער, נישט טרינקען די געהעריקע משקה פון געהעריקן גלעזל און נישט האַלטן די סערוועטקע אויף דעם געהעריקן פּלאַץ.

איז אָט אין דער דאָזיקער אַריסטאָקראַטישער שטאָט בין איך געקומען צוגאַסט צו מיינעם אַ ברודער.

געקומען פון ניו־יאָרק, ווו איך האָב אַ לענגערע צייט פאַר־בראַכט אין דער שרייבער־זשורנאַליסטישער משפחה, צווישן דער קינסטלערישער באָהעמע; דאָרטן, ווו אין צוזאַמענלעבן זינדיקט מען גישט שטאַרק מיט שיינע, אולטראַ־געשליפענע מאַנירן און הויכ־אַריסטאָקראַטישער באַנעמונג, ווו מען איז מער באַשעפטיקט מיט דער פּראָבלעם וואָס צו עסן, איידער ווי אַזוי צו עסן.

בין איך, אַלזאָ, געקומען צו מיין ברודער קיין ספרינגפילד צו־גאַסט. מיין ברודער הייסט אַלעקס און זיין פרוי ראַאוז. מיין ברו־דער איז אַ געוועזענער ליטוואַק, מיין שוועגערין אַ געוועזענע גאַ־ליציאַנערין. איצט האָבן זיי זיך ביידע אויסגעגרינט. תחילת זי, נאָכדעם ער. איצט זענען זיי ביידע אמתע „יענקיס" און לעבן זיך, ווי די עכטע אַריסטאָקראַטן.

הכלל — בין איך מיר אַ גאַסט ביי מיין ברודער. ליג איך מיר אַזוי, צומאַרגנס נאָך מיין אָנקומען, אין מיין צימער, וואָס איז מיר באַשטימט געוואָרן אַלס גאַסט, כאַפּ אַ לייכטן דרעמל און הער, ווי פון מיין ברודערס קאַבינעט טראָגט זיך אַ געשפּרעך צווישן מיין ברודער אַלעקס מיט זיין פרוי ראַאוז.

— אַלעקס, — זאָגט מיין שוועגערין, — נאָר־וואָס האָבן אונז טעלעפאָנירט דער אָנקל טשאַרלי און די טאַנטע אַדעלינע. זיי האָבן איינגעלאַדן אונזער גאַסט מעקסן (מעקס — דאָס בין איך) אויף מאָרגן צו אַ דינער־פּאַדי (מיטאָג־מאָלצייט).

— זייער שיין! — ענטפערט מיין ברודער מיט אַ טאָן, וואָס גייט פון אונטן אַרויף, קענטיק אַרבעטנדיק איבערן שרייב־טיש.

— וואָס הייסט „שיין"? דיין ברודער מעקס וועט דען, אַפּנים, יויסן, ווי אַזוי צו האַלטן זיך אין אַזאַ אַריסטאָקראַטיש הויז? ער יועט דען וויסן, ווי צו זיצן ביים טיש אין אַזאַ געזעלשאַפט? ער האָט דען אַן אָנונג פון טייבל־מענערס?

— געוועד מיינד! (נישקשה), מיר וועלן אים אויסלערנען די תורה. מיר וועלן אים ווייזן, ווי אַזוי מען עסט און עס וועט זיין אַל־רייט — ענטפערט מיין ברודער מיט אַ טאָן, ווי ער וואָלט וועלן זיך אָפּטשעפּען.

— ווי? — בייזערט זיך שוין מיין שוועגערין — ביז מאָרגן וועסטו אים אַוודאי אויסלערנען עסן, וואָס? האָסט, אַפּנים, פאַרגעסן, ווי לאַנג מען האָט דיך געלערנט עסן! יאָרן האָט דאָך געדויערט!... דו ביסט שוין דאָ 22 יאָר און נאָך היינט וואַרפסטו אַמאָל אַרויס ביים טיש אַזאַ מאַניער, אַז עס הויבט איינעם אָן דאָס פּנים צו פלאַמען. היינט ווי איז שוין דיין ברודער? ער איז דאָך נאָך אַ גרינע חיה. ער ווייסט דען, אַפּנים, מיט וועלכן גאָפּל מען דאַרף עסן די און יענע געריכט? ער פאַרשטייט זיך דען אויף אַלע אונזערע וועדזשעטייבלס (גרינס)? ער ווייסט דען, אַפּנים, ווי מען דאַרף עסן אַרטיטשאָקען? צי פון אויבן, צי פון אונטן? און ווי אַזוי מען דאַרף עסן האָניג-דיו. צי פון דער זייט, צי פון מיטן? און ווי מען דאַרף עסן אָליוון און קוקורוזעס? און אַז מען וועט דערלאַנגען צום סוף דינער אַ גלאָז וואַסער אויף צו וואַשן די הענט, וועט ער עס אויסטרינקען, אַזוי ווי דער ראַבאַי, דער ספּיקער פון זייאָניזם, וואָס איז געווען ביי אונז פאַריקן יאָר. עס איז דאָך געווען אַ שרעק מיט אים צו זיצן. געדענקסטו, ווי ער האָט געגעסן די גרייפּפרוכט? אַפילו די שוואַרצע האָט געלאַכט. מען האָט דאָך אים באַדאַרפט לינטשן!

— וועט ער מאַכן אַ פּאָר מיסטייקען (טעותן). קיין גרעסערע דאגה זאָלסטו נישט האָבן, — בעט זיך מיין ברודער.

— קיין גרעסערע דאגה זאָל איך נישט האָבן? ווער דען זאָל דאגהנען? ער וועט זיך אַוועקפאָרן און מיר בלייבן דאָ אויף לייטיש געלעכטער. מען וועט דאָך לאַכן אין די פויסטן. עס וועלן נאָך אַוודאי ויין געסט אויך צום דינער. עס וועלן אַוודאי זיין דער דאָקטאָר מייקעלסאָן און מאָריס סילווערמאַן פון באַלטימאָר און ראַבאַי ראָבינסאָן און דער לאָיער מאַקדינדזשיק און די מיסיס גליכט און... פלוצלינג דייך ברודער מיט זיינע טייבל-מענערס. אַזאַ בלאַמאַזש; שאָקינג! מיר וועלן זיך דאָך נישט קענען ווייזן נישט אין סאָסייטי, נישט אין לאַדזש און נישט אין דער סינאַגאָגע. עס וועט אונז בלייבן באָטש נעם און אַנטלויף פון ספּרינגפילד.

אַ שווערע פּויזע. קאָנטיק, מיין ברודער האָט רעזיגנירט, נישט געהאַט, מיט וואָס צו באַשטרייטן די שטאַרקע אַרגומענטאַציע פון זיין פרוי.

דאָ האָב איך זיך אַרויסגעשלייכט פון מיין צימער, אַריינגעקומען צו זיי און דערקלערט:

— טייערער ברודער און טייערע שוועגערין! איך האָב געהערט אייער געשפּרעך. איך האָב אַן אויסגאַנג פון דער שווערער לאַגע; איך האָב אַ לייזונג צו דעם הארבן פּראָבלעם.

— ווי, ווי? — האָבן זיך ביידע אויפגעכאַפּט, ווי איך וואָלט פּלוצלינג אַנטדעקט אַ רפואה פאַר אייגעם, וואָס איז קראַנק אויף אַ ראַק.

— איך וועל נישט גיין.

— נישט גיין? — איז מיין שוועגערין געוואָרן כמעט פאַרצווייפלט. — וואָס הייסט נישט גיין? און וואָס וועט מען זאָגן? ווייסט, אַז פון אַזאַ זאַך קאָן צווישן אונז אויסברעכן דאָס שטאַרקסטע פאַראיבל... און מיר זענען גאַרנישט אַזוי אומאָפּהענגיק, אַז מען זאָל זיך איינרייסן מיט אַזאַ רייכן אָנקל, וואָס מען שאַצט אים אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר קעש און מיט אַזאַ סאָסייטי־לײדי, ווי די טאַנטע אַדעלינאַ! האָסטו געזען איר דזשולערי (צירונג)?... דער אָנקל טשאַרלי איז דאָך היינטיקס יאָר געווען אין יוראָפּ און האָט דאָרט געמאַכט אַ פאַריונגערונגס־אָפּעראַציע. הלוואי פאַרמאָגן מיר, וואָס די אָפּעראַציע האָט אים אָפּגעקאָסט. און די טאַנטע איז געווען הייי־יאָר אין טשיקאַגאָ אין אַ ביוטיפאַרלאָר (שיינהייטס־אינסטיטוט), וווּ זי האָט בלויז פאַר איבערמאַכן איר נאָז באַצאָלט 5 טויזנט דאָלאַר און פאַר אויסציען די אונטערשטע ליפּ — 2 טויזנט דאָלאַר, אַ חוץ דאָס אויסשניידן די וואָרצלען אויף דער גאָמבע.

— וועל, האָב איך אַן אַנדער עצה, — האָב איך געזאָגט, — איך וועל זיך מאַכן קראַנק.

אויסגעצייכנט! — שפּרינגט אויף מיין ברודער און רייבט די הענט. — זיך מאַכן קראַנק און דערווייל וועלן מיר אים לערנען עסן.

— איך האָף, — זאָג איך, — אַז לאַנג וועט עס נישט דאַרפן דויערן. אינדערהיים האָט מען אויף מיר געזאָגט, אַז איך בין גאָר אַ וואָזשנער עסער, וואָס עסט מיט גרויס טאַלאַנט. מען האָט אַפילו געזאָגט אויף מיר, אַז ביי אַ טיש בין איך גאָר אַ שיינער, גייסטרייכער עסער.

— דאָ איז נישט אַזאַ עסן, ווי מען עסט ביי אייך. איך רעכן, אַז אַ חודש צייט וועט עס זיכער געדויערן.

— גוט, וועל איך „קרענקען‟ אַ חודש.

— און וואָס וועסטו טון דעם גאַנצן חודש? נישט אַרויס־גיין פון שטוב? ליגן אין בעט? און אַז דער אָנקל מיט דער טאַנטע וועלן פּלוצלינג אַריינקומען און דיך נישט טרעפן אין בעט און אָן רפואות. ווי וועלן מיר אויסזען? וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?— האָט מיין שוועגערין פאַרבראָכן די הענט.

ווידער אַ שווערע פּויזע. די לאַגע האָט אויסגעזען צו זיין גאָר קריטיש. נישטאָ קיין אויסוועג.

אַביסל צייט זענען מיר געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי־אבלים, פאַרטיפט אין שווערער זאָרג און פאַרצווייפלונג, און גע־זוכט אַ לייזונג צו דער שווערער לאַגע.

נאָר באַלד בין איך אַרויס מיט אַזאַ פּלאַן:

— איר ווייסט, — זאָג איך, — עס איז דאָ נאָך אַן עצה. איך גיי! איך גיי צו דער „דינער־פּאַדי‟.

— וואָס הייסט, דו גייסט? — האָבן זיי דערשראָקן געפרעגט.

— יאָ, איך גיי. נאָר איר דאַרפט מיך פאָרשטעלן פאַר אַן אָריגינעלער פערזענלעכקייט, עפּעס אַ טשודאַק, אַ טירוף, אָדער לאָמיר זאָגן אַ פילאָזאָף.

— וואָס וועסטו זיין?

— אַ פילאָזאָף, אַ טשודאַק, וואָס מעג טון, וואָס ער וויל.

— אָקעי! — איז מיין ברודער געוואָרן אַ לעבעדיקער — אויסגעצייכנט! גלענצנד! וועסט זיין אַ פילאָסאָפער... אָדער אַ משו־גענער... יאָ... טאָלסטאָי!... טאָלסטאָי, זאָגט מען, גייט אום אַ באָר־וועסער, אָנגעטון אין אַ לייווענטן העמד און עסט מיט די הענט... וועסט קאָנען גיין און האַלטן זיך דאָרטן, ווי דו ווילסט אַליין.

— יאָ, אָבער טאָלסטאָי איז שוין לאַנג טויט... מען דאַרף נעמען עפּעס אַן אַנדער משוגענעם פילאָזאָף, וואָס לעבט.

— אַזוי?... איז וועמען נעמט מען? — פרעגט מיין שוועגע־רין.

— איז וועמען נעמט מען? — פרעגט מיין ברודער. — אפשר איינשטיין?

— איינשטיין איז דאָך אַ מענטש, ווי אַלע מענטשן... שאַ! איך האָב! — האָב איך אויסגעשריגן — גאַנדי!

— גאַנדי? גאַנדי? — פרעגט מיין שוועגערין. — אָט־דער, וואָס מיטן שפּיציקן פּליך, מיט די גרויסע ברילן, מיט דעם אָנ־ציינערדיקן מויל און טראָגט אַ ליילעך אויף די לענדן? פון אינ־דיע, יאָ?

— יאָ, דער טאַקע.

— טאָ ווי־זשע וועסטו עס מאַכן? וועסט זיך דאָך נישט אויס־שלאָגן די ציין און אָנטון אַ ליילעך?

— אַ ליילעך — זאָג איך — קאָן איך אָנטון. און אויס־שלאָגן זיך די ציין באַדאַרף איך נישט. איך בין נישט דער אמתער גאַנדי, נאָר זיינס אַן אָנהענגער. גאַנדי דער צווייטער. איך קום פון אינדיע. ביים טיש בין איך אַן אמתער הינדוס, און ווייס נישט פון די היגע זיטן און די היגע טייבל־מענערס...

— גלענצנד! אַ וווּנדערבאַרער פּלאַן!

מיין שוועגערין האָט זיך צעשטראַלט:

— איך גיי שוין און קלינג אָן דער טאַנטע.

זי האָט געכאַפּט דאָס טעלעפאָן־טרייבל און אָנגעזאָגט די בשורה:

— טאַנטע אַדעלינאַ! מיין שוואָגער, דער פילאָסאָפער, האָט אָנגענומען די איינלאַדונג... נו, יאָ... ער איז אַ גרויסער מענטש. ער איז אַ פילאָסאָפער. ער קומט פון אינדיע. ער איז אַ צווייטער גאַנ־די... וואָס? צי ער טראָגט אַ ליילעך?... יאָ... טיילמאָל טראָגט ער אַ ליילעך...

אירע אויגן האָבן געפינקלט און געוווּנקען צו אונז מיט גרויס פרייד... אין טעלעפאָן־טרייבל האָב איך געהערט אַ טאַראַגאַ־טשען פון אַ גיכן, אימפּעטיקן גערייד. עס איז קענטיק געווען, אַז דאָרט, אויף יענער זייט, האָט די ידיעה געמאַכט אַ גרויסן רושם. די שוועגערין האָט בלויז געגעבן אַ קורצע רעפּליק „גוט״... „יאָ״... „יאָ״... „גוט״... „מיר וואַרטן״, „גוד באַי״!

זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל און געמאָלדן מיט אַ שיי־נענדיק פּנים:

— זיי גייען אַהער! זיי זענען איבעראַשט!... זיי וועלן איינ־לאַדן מאָרגן אַ סך געסט... אַ גרויסע סענסיישאָן פאַר זיי!... זיי גייען אַהער!... וואָס פאַר אַ גלענצנדע אידעע... גיכער, מעקס, טו אָן אַ ליילעך!

---

צומאָרגנס זענען מיר אַלע: איך און מיין ברודער אַלעקס מיט זיין פרוי געגאַנגען אויף דעם איינגעלאַדענעם דינער צו דער פאַ־מיליע ליוויי.

מיין ברודער איז געווען אָנגעטון אין זיין סמאָקינג, מיין שוועגערין — אין איר אָוונט־קלייד, בלויז איך בין געווען אַרומ־געוויקלט אין אַ ליילעך מיט גרויסע ברילן און אָן אַ הוט.

דאָס עס־צימער איז געווען גרויסאַרטיק אויפגעראַמט, מיט פיל גלאַנץ און פייערלעכקייט. די גרויסע לאָמפּן האָבן געשמיסן מיט ליכט, ווי מיט בעזעמער. אַ לאַנגער, יום־טובדיק־געדעקטער טיש האָט זיך געבראָכן פון קרישטאָל, זילבער־געשיר, מאכלים און וויין.

די באַלעבאָסטע, מיסיס אַדעלינע, אַ לאַנגע, ביינערדיקע פרוי, איז געווען ווירקלעך באַהאָנגען מיט אַ גאַנצן ביזשוטעריע־געשעפט. איר אַלט פּנים אונטער יונגע, העל־אָנדולירטע האָר, מיט די אויסגעגלעטע און אויסגעפּרעסטע קנייטשן און מיט דער פאַריכטער נאָז אין שיינהייטס־אינסטיטוט, האָט זי אויסגעזען, ווי אַ יונג קינד פון... עטלעכע און זעכציק יאָר.

דער באַלעבאָס, מיסטער טשאַרלי, אין קעגנזאַץ צו זיין פרוי, איז געווען אַ נידעריקער, קיילעכדיק־בייכלדיק און האָט דערגרייכט זיין ווייב ביז צו די פּאַכוועס. זיין קאָפּ, ענלעך צו אַ גלאַט־געטאָקט, קיילעכדיק קלעצל צו פּרעסן קאָפּעליושן, האָט זיך געהאַלטן אויף דעם בייכלדיקן גופל, וואָס האָט זיך געהוידעט אויף מאָדנע דינע פיסלעך אין לאַק־שיכלעך מיט ווייסע געטרעס.

דער דאָזיקער פּאַרשוין האָט זיך אַרומגעפּאָרעט לעבעדיק־

באַוועגלעך, ווי עס פּאַסט פאַר איינעם, וואָס האָט נאָר־וואָס דורכ־געמאַכט אַ פּאַריינגערונגס־אָפּעראַציע.

צווישן די געסט האָבן זיך געפינען פיל אויסגעפּוצטע מענער אין סמאָקינגס און פראַקן און אין ווייסע, אויסגעסטאַרטשעטע, אָנ־געקראָכמאַלעטע גאָרסן, און פרויען מיט דיקע, פעטע, דאַרע, נאַקע־טע פּלייצעס, אַ סך פּודער, פאַרב און צירונג.

עס האָט אויסגעזען נישט ווי עפּעס אַ געוויינלעכער מיטאָג־מאָלצייט, נאָר ווי אַ פייערלעכער באַנקעט, ווי אַ רייכע חופּה־וועטשערע אויף אַ חתונה פון גאָר־געהויבענע, אויפגעקומענע גבירים.

מען האָט מיך פאָרגעשטעלט:

— מיסטער מעקס, מיסטער אַלעקס׳ ברודער, ערשט געקומען פון אינדיע. אַ מקורב צו גאַנדין. איז באַרימט אונטער דעם נאָמען גאַנדי דער צווייטער...

איך האָב זיך פאַרנויגט מיט אַ טיפן בויג, זיך אויסגעגלייכט, ווידער פאַרנויגט, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן האַרצן, די צווייטע האַנט אויסגעשטרעקט פאָרויס, אַ גלאָץ געטון מיט די אויגן, אַ ציי געטון זיך פאַרן אויער, אַ פּאַטש געטון אין שטערן און געזאָגט מיט אַ טעמפּער שטים, ווי פון אַ אַ טראָמבע:

— ענקאָסמעסאַלדעכאָ!

דאָס זאָל הייסן אַן אינדישער שלום־עליכם.

אַלע האָבן זיך טיף פאַרנויגט.

די מענער, ווי אויך די דאַמען מיט זייערע לאָרנעטן האָבן מיך באַטראַכט מיט גרויס נייגעריקייט. אַנדערע האָבן מיך אַפילו באַ־רירט און אָנגעטאַפּט מיין זינדיקן גוף מיט גרויס פאַרזיכטיקייט, ווי מען באַרירט אַ זעלטענעם פאַרצעלייַ־חפץ.

נאָכדעם האָב איך זיך ווידער פאַרנויגט מיט אַן אויסטער־לישן, אַזוי צו זאָגן, אינדישן רעווערענס און האָב געזאָגט:

— לכה דודי לקראת קול־קוטו...

דער ראַבאַי האָט געזאָגט, אַז דער אויסדרוק איז אים באַ־קאַנט, נאָר ער געדענקט נישט פונוואַנען ער איז.

די ווירטין האָט איינגעלאַדן צום טיש. דער באַלעבאָס האָט פון תעפּלעכקייט וועגן און פון מיין כבוד וועגן אויך זיך אַרומגע־

וויקלט מיט אַ ליילעך און האָט אויסגעזען, ווי אַ פרומער ייִד זעצט זיך צום סדר אין אַ קיטל.

אַזוי האָט אים באַפוילן זיין ווייב.

נאָכדעם האָט די מאַדאַם זיך געווענדט צו מיר און אַזוי געזאָגט:

— אויף וויפל אונז איז באַוווסט, געערטער מיסטער גאַנדי דער צווייטער, זענט איר אַ פאַסטער, איר האַלט פון תעניתים און אַז איר עסט, עסט איר בלויז וועגעטאַרישעס, און אַז איר טרינקט, טרינקט איר נישט קיין שאַרפע געטראַנקען, נאָר ציגן־מילך. האָבן מיר פאַר אייך אָנגעגרייט ערשט־קלאַסיקע ציגן־מילך.

— פראַכטפולע קאָזע־מילך, ערשט פון דער קאָזע! — האָט צוגעגעבן דער באַלעבאָס.

— טהענקודאַדז! — האָב איך געזאָגט. — מיר, גאַנדיסטן, האַלטן טאַקע שטאַרק פון תעניתים. מיר פאַסטן און פייניקן אונזערע לייבער, דאָס איז אונזער לעבן, מיר שלאָפן אויף ברעטער מיט טשוועקעס, דאָס איז אונזער חיות. מיר טרינקען קאָזע־מילך, דאָס איז אונזער פאַרגעניגן. אָבער היינט איז גראָד דער חודש, ווען אונז איז דערלויבט צו עסן אַלצדינג: פליישן, פישן און אַלערליי מאכלים. היינט איז אונז דערלויבט צו טרינקען אַלערליי געטראַנקען — וויינען און שנאַפסן.

די באַלעבאָסטע האָט אַ ווונק געטון צו דער דינערשאַפט און סאַרווער און זיי האָבן גענומען טראָגן מאכלים כּיד־המלך.

נעבן מיר איז געשטאַנען אַ האַלב טוץ טעלער און טעלערלעך. גרויסע, קליינע, שמאָלע, קיילעכדיקע און אַפילו אַ ספּעציעלער טעלער, ווי אַ האַלבע לבנה, צו וואַרפן די ביינדלעך. פונוואַנען ווייס איך? ווייל אויף דעם דאָזיקן טעלער איז געווען אויסגעמאָלט אַ הונט און ביי זיין אָפענעם מויל אַן אויפשריפט: „איך וויל אַ ביין”.

מעסערס זענען אויך געווען אַ שלל. לאַנגע, קורצע און געבויגענע, ווי טערקישע שווערדן. דאָס זעלבע אויך גאָפּלען: גרויסע, קורצע, דריי־ציינערדיקע, פיר־ציינערדיקע, קורץ־ציינערדיקע און לאַנג־ציינערדיקע. און בעכערלעך און ניס־קנאַקערס און צוואַנג־

לעך און נאָך עפּעס מכשירים, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי אָפּעראַ־ציע־אינסטרומענטן פון אַ כירורג. איך האָב נישט געוווּסט, צו וואָס מען באַנוצט זיי.

נאָר איך האָב דאָס אַלץ נישט באַדאַרפט. איך האָב מיך געפילט פריי און געגעסן, ווי איך האָב געוואָלט.

איך האָב געטונקען בולקע אין יויך, געגעסן אַ פאָלקע הון מיט די הענט, געשניטן מיט וועלכן מעסער איך האָב געוואָלט און געגעסן קאָמפּאָט דווקא מיטן גרעסטן לעפל.

מן הצד האָב איך געזען, ווי דער באַלעבאָס און עטלעכע אַנדערע פון די דזשענטלמלייט האָבן מיר פון העפלעכקייט־וועגן און אויס כבוד צו דעם עקזאָטישן גאַסט נאָכגעטון.

יעדער האָט געשטעלט פראַגן און איך האָב געהאַלטן אין געבן ענטפערס.

דער ראַבאַי סאָלאָמאָן האָט געוואָלט וויסן, ווי עס לעבט דער אמתער גאַנדי, ד. ה. דער ערשטער, און ווי אַזוי ער איז זיך נוהג מיט זיין ציג. איך האָב, פאַרשטייט זיך, אַלעמען אָפּגעגעבן אַן אויס־פירלעכן גרוס פון אים אַליין און פון זיין ציג, דערציילט גענוי, ווי אַזוי ער לעבט, ווי ער מעלקט זיין ציג, ווי ער פאַסט און ווי אַזוי ער ווערט אַלע ווײַלע איינגעלאַדן פון דער ענגלישער רעגירונג אַמאָל קיין לאָנדאָן אין קיניגלעכן פּאַלאַץ און אַמאָל קיין באָמביי, אין דער קעניגלעכער טורמע...

— און וואָס מאַכט עפּעס דער ראַבין דראַנאַט טאַגאָרע? — האָט געפרעגט דער אַדוואָקאַט.

— אַ דאַנק פאַרן נאָכפרעגן. ער לעבט. ער איז אַ ראַביי אין קאַלקוטאַ.

— איז ווו־זשע איז אייער אייגענע קאָזע, הער גאַנדי דער צווייטער? — האָט אַ דאַמע געפרעגט.

איך האָב געמאַכט אַ טרויעריקע מינע און געענטפערט מיט אַ קול פון אַ יתום:

— מיין ציג, עליה־השלום, איז געפּגרט אונטערוועגס, אויפן וועג פון אינדיע קיין יוראָפּ, צווישן אינדיע און קאַמיעניעץ־פּאָדאָלסק... דאָרט האָט זי אירע פיס אויסגעצויגן, וויי איז מיר...

עך, אַ טייערע ציג געווען. אַ קאָזלאַטע ציג מיט אַזאַ שיין ציגיש בערדל. טעגלעך צוויי גלאָז קאָזע־מילך געגעבן. געווען אויך אַ פאַסטעריך, אַ גרויסע פאַסטעריך... אַזוי לאַנג געפּאַסט, ביז זי האָט אויסגעהויכט איר ציגישע נשמה... עך!... מיין האַרץ גייט אויס נאָך איר. איר זילבערנער „מע־ע" קלינגט מיר נאָך אין די אויערן. אָ, הייליקע ציג!... ווו ביסטו, ווו ביסטו! אויף ווענען האָסטו מיך איבערגעלאָזט!...

— איך לייג פאָר — האָט דער ראַבאַי פאָרגעשלאָגן — מען זאָל דעם אָנדענק פון דער ציג באַערן מיט אויפשטיין און מיט אַ מינוט פון שוויגן.

די גאַנצע געזעלשאַפט האָט זיך אויפגעשטעלט אין ערפורכטיקן שטיל־שוויגן און באַערט דעם אָנדענק פון דער ציג מיט אַ מינוט פון שטיל־שוויגעניש.

אַ קורצע, פיינלעכע שטיל־שוויגעניש. נאָכדעם האָט דער וואָיאַזשאָר פון באַלטימאָר זיך פאַראינטערעסירט מיט מיין לאַנד, גע־פרעגט, ווי אַזוי מ'פאָרט קיין אינדיע, און ווי אַזוי איך האָב דורכ־געמאַכט די רייזע פון אינדיע אַהער.

איך האָב איבערגעגעבן די רייזע און דעם גאַנצן רייזע־פּלאַן נישט ערגער פון בעסטן אינפאָרמאַטאָר אין אַ רייזע־ביוראָ. אַלע האָבן מיך געהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

— די רייזע פון אינדיע אַהער, מיינע דאַמען און הערן, פירט דורך דער הייליקער שטאָט בונדידאַדאַ איבער קאַרמאַדזשאַ. דאָרט פאָרט מען בלויז אויף העלפאַנטן ערשטע, צווייטע, אָדער דריטע קלאַס. אַז מען שפּרינגט אַריבער דעם עקוואַטאָר, קומט מען צום הייליקן טייך גאַנגעס, ווו מען האָט אַ „פערעסאַדקע" אויף אַ קראָ־קאָדיל, מיט אמתע קראָקאָדיל־פעל, נישט אימיטאַציע. אויפן צווייטן ברעג גאַנגעס וואַרט אויף דיר אַ קאַראַוואַן פון קלאַפּער־שלאַנגען, וואָס ברענגט דיך קיין קאַלאַמאַנדזשאַראַ, פון דאָרט פאָרט איר ביז אָדעס, פון אָדעס ביז ביאַליסטאָק און פון דאָרטן מיט דער שיף קיין ניו־יאָרק. איצט ווויִן איך אין ניו־יאָרק, ווו איך פיר אַן אַקציע צו באַפרייען מיין אונטערדריקטע אינדיש פאָלק פון דער ענגלישער טי־ראַניע.

מיין דערציילונג האָב איך געהאַלטן ערנסט אָנגעדרודלט, ווי אַ בויך־רעדנער. צווישן די ווערטער האָב איך אַריינגעמישט אויס־טערלישע קלאַנגען, ווי למשל: „דאַדאַ״, „מאַנאַ״, „יקום־פורקנאַ־ואַ״, „פטום־קטורתאַטאַ״, וואָס דאָס האָט צוגעגעבן מיינע רייד אַן אינדישן כאַראַקטער.

די אוידיטאָריע איז געווען באַגייסטערט. פיל האָבן מיר אויס־געדריקט זייער סימפּאַטיע פאַר דער אינדישער זאַך.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס פייערלעכע מיטאָג.

---

נאָך מיטאָג האָט די באַלעבאָסטע אונז איינגעלאַדן אין סאַלאָן אַריין אויף קאַווע. דער באַלעבאָס האָט געטיילט ציגאַרן.

— איר זענט אוודאי נישט קיין רויכערער, — האָט מיך דער באַלעבאָס געפרעגט. — איר זענט אַוודאי קעגן נאַרקאָטיק.

— יאָ, מיר זענען קעגן אַלקאָהאָל און נאַרקאָטיק. אָבער היינ־טיקן חודש מעגן מיר טרינקען און רויכערן... דערביי איז ביי אונז, גאָנדיסטן, היינטיקן חודש דווקא אַ מצווה צו רויכערן נאָר האַוואַנאַ־ציגאַרן.

— און אין קאָרטן?

— אין קאָרטן איז ביי אונז אויך היינט אַ מצווה צו שפּילן.

מען האָט זיך געזעצט שפּילן ברידזש.

ביים צעגיין זיך האָבן זיך אַלע מיט מיר פריינטלעך געזעגנט.

איך — מיט מיינע אויסטערלישע האַנט־באַוועגונגען, נויגונגען און העויות.

אַ סך געסט האָבן מיך איינגעלאַדן אויף היימישע דינערס און לאָנטשן. אַ גאַנצן חודש בין איך געווען די אַטראַקציע אין אַלע גע־זעלשאַפטן. צייטונגס־רעפּאָרטערן און דאַמען האָבן מיך באַלאַ־גערט און איך האָב מיך געלאָזט וווילגיין.

אין די אַרטיקע צייטונגען האָבן זיך אַפילו באַוויזן מיינע פאָ־טאָגראַפיעס אין מיין אינדישן הילוך.

מיין ברודער און שוועגערין זענען געווען פון מיר העכסט צו־פרידן. פון מיין זכות־וועגן האָבן זיי געהאַט אַ סך כבוד און אָנער־קענונג.

# צווויי שכנים

ס'איז זומער. גייט מען אַמאָל אַרויס שפּאַצירן צום אויבערשטן טייל שטאָט, צו אַ שענערער געגנט, ווו די לופט איז ריינער, די גאַסן ציכטיקער, ווו ס'איז דאָ אַביסל גרינס, בלומען. זעץ איך זיך אַוועק אויף אַ באַנק אַביסל אָפּרוען. זעצט זיך צו מיר צו מיינער אַ באַקאַנטער ייד, וואָס וווינט טאַקע דאָ דערביי אויף די שיינע גאַסן; הויבט ער מיט מיר אָן שמועסן, און רופט זיך צו מיר אַן אַזוי:

— איך וועל אייך דערציילן, פּאַניע, אַ מעשה, און איר קאָנט עס אויסנוצן פאַר אייער טאַלענט. אַן אמתדיק וואַרשעווער לעבנס־בילדל, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אַליין. כאָטש נעמט און באַשרייבט עס.

ער שלעפּט אַרויס אַ פּאַפּיראָס, קלאַפּט אים אָן אויפן נאָגל, פאַרזיכערט און נעמט דערציילן ווייטער:

— הערט אַ מעשה. ווי איר ווייסט, וווין איך טאַקע דאָ נישט ווייט אויף דער אַלעע־רוזש, אַ שטילע, אָפּגעלעגענע גאַס מיט איידעלע, אַריסטאָקראַטישע איינוווינער, וועלכע זיצן דאָ בחשיבות אין זייער אָפּגעזונדערטקייט, ווייט פון אייערע דאָרטן אָרעמע שטאָט־גאַסן, וואָס זענען פאַר די איינוווינער פון אונזער ראַיאָן אַ שטיק עקזאָטיק, און גייען זיי אַמאָל אַוועק אויף די נאַלעווקעס אָדער סמאָטשע, איז עס פאַר זיי אַ סענסאַציע. און אַז עס קומען צו זיי געסט פון אויסלאַנד, פירט מען זיי אויף אַ דראָזשקע אין יענע גאַסן, צו ווייזן זיי אַלס מערקווירדיקע זעענסווירדיקייט.

צוזאַמען מיט מיר אויף די טרעפּ וווינען אַזעלכע צוויי פּאַרשוי־נען, שכנים. איינער — אַ קריסט, אַ פּאָליאַק, אַ שטיקל גוטבאַזי־צער, אַ מיוחס; דאָס, וואָס מען רופט: אַ שליאַכטשיץ. און דער צוויי־טער — אַ משומד, אַ נאָטאַר פון דער היפּאָטעק־באַנק.ביידע על־טערע מענטשן, בכבודיקע. ווינטער אין די איידעלע פוטערלעך, זו־מער אין די פיין־געשניטענע ענגלישע אַנצוגן. ביידע מיט זאָרגפעל־טיק־אונטערגעפּוצטע, אינטעליגענטע בערדלעך. ביידע — באַזיל־בערטע שלייפן, מיט די עלעגאַנט און שטיף צונויפגעלייגטע רעגנ־שירעמס און מיטן דרך־ארצדיקן גענגל. מענטשן פון דעם עלטער, פון וועלכע מען נעמט געוויינלעך פאַר ריכטער, סענאַטאָרן און איי־דעלע העכערע באַאַמטע.

צווישן מיר און דעם קריסטלעכן שכן זענען אַ לענגערע צייט געווען גוטע, פריינטלעכע באַציונגען; אויף די טרעפּ און ווינדע און אַפילו אויף דער גאַס, פלעגט ער מיר אַנטקעגנטראָגן די פריינט־לעכע באַגריסונג:

— דזשען דאָברי פּאַנו!

טיילמאָל אַפילו זיך דורכגעוואָרפן מיט אַ לענגערן שמועס, וועגן פּאָליטיק, לאַנדווירטשאַפטלעכע פראַגן. ער פלעגט מיר אויפ־קלערן, ווי מען האָדעוועט קרוליקעס; וועגן קינסטלעך מיסט, די שלעכטע ווירטשאַפט פון שטאָט־ראַט, וועגן ראַסאָווע פערד און ראַסאָווע הינט.

מיר ביידע האָבן געהאַט הינט, אויסגעצוואָגענע, אויסגעפּוצ־טע, כדי זיי זאָלן איינער דעם אַנדערן נישט פאַרשעמען. די הינט, הגם זיי זענען געווען פון צוויי פאַרשידענע ראַסעס, האָבן צווישן זיך געלעבט בשלום און פלעגן אָפט כאַפּן אַ פלירט, נישט־וויסנדיק, אַז ס׳איז דאָ אויף דער וועלט אַ ראַסן־טעאָריע.

אָפטמאָל פלעגט ער פריינטלעך גלעטן מיין הונט. אויס דאַנק־באַרקייט פלעג איך פון מיין זייט אויך גלעטן צוריק זיין הונט. און עס איז געווען צווישן אונז אַ מוסטערהאַפטע פריינטשאַפט.

די צייטונגען, וואָס פלעגן אַרויסקוקן פון מיין שכנס קעשענעס, האָבן געטראָגן ליבעראַל־מעסיקע קעפּלעך: „קוריער וואַרשאַווסקי״, „קוריער פּאָראַנני״, „טשאַס״ א. ד. ג.

טיילמאָל האָט ער אויסגעבאָרגט אָפּילו זיינס אַ צייטונג, אָנ־ווייזנדיק מיר אויף אַן אינטערעסאַנט אַרטיקל, וועגן אינפלאַציע, פעלקער־ליגע, בערזע וכדומה.

הכלל, עס האָט צווישן אונז געהערשט אַ פולשטענדיקער שלום־בית.

---

דאַקעגן מיין צווייטער שכן, דער משומד, איז מיר כסדר אַנט־קעגנגעקומען מיט אַן אָנגעשטרענגט פנים, אַן ערנסטס און ס'איז געווען קענטיק, אַז דאָס פנים האָט אַ זייער שווער שטיקל אַרבעט צו פאַרטרייבן דאָס יידישע אויסזען פון זיך און צו פאַרווישן די שפורן פון זיין יידישן אָפּשטאַם; דעריבער איז זיין צורה פאַרגליי־ווערט געוואָרן עפּעס אין אַ מאָדנער גרימאַסע, פאַרמאַכט און אָפּ־געשלאָסן, ווי עס וואָלט זאָגן: „ריר מיך נישט אָן! איך בין פון דיר אָפּגעשיידט און לאָמיך געמאַך...״

פון זיינע אויגן האָט שטענדיק אַרויסגעקוקט אַ בייזע שרעק, טאָמער, חלילה, וועל איך מיט אים אָנהויבן רעדן; ער האָט דעריבער געווייכט פון מיר, ווי פון אַ שעדלעכן פאַרשוין. און ווען איך פלעג אים אַמאָל באַגריסן, פלעגט ער זיך אָפּקערן און מיך באַגריסן מיט אַזאַ פרעמדקייט, פון וואָס עס פלעגט מיר ווערן קאַלט.

איינמאָל זענען מיר ביידע געפאָרן אין דער ווינדע. די ווינדע איז עפּעס געבליבן שטיין אינמיטן. ער האָט עפּעס אַ מרוקע געטון, געוואָרטשעט, אַז ס'איז אויף אים געווען אַ צער־בעלי־חיים.

אין זיין לאַץ האָט שטענדיק געשטעקט אַ צייכן פון עפּעס אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ משונהדיקן נאָמען.

אויך ער האָט געהאַט אַ הונט; נאָר זיין הונט איז געווען דרעַ־סירט און אויסגעלערנט, אָפּצווייכן פון מיר, ווי זיין באַלעבאָס. און טאָמער פלעגט זיין הונט אַמאָל זיך פאַרגעסן און אַריינפאַלן אין אַ פריינטלעכן פלירט מיט מייך הונט, פלעגט אים זיין באַלעבאָס געבן אַ פעסטן געשריי מיט אַ פאָרוואורף:

— נעראָן! אַהער גיי! וויס דיין אָרט!

אַזוי זענען אָנגעאַנגען די באַציונגען צווישן מיר און מיינע

שכנים, ביז לעצטנס — שלום מיטן קריסט און פרעמדקייט מיטן משומד.

---

לעצטנס האָט מיין קריסטלעכער שכן מיך אָנגעהויבן ווייני־קער צו באַגריסן. זיין פריינטלעכער „דזשען דאָברי!" איז איבערגע־גאַנגען אין אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ; דער שאָקל מיטן קאָפּ איז אויך פון מאָל צו מאָל געוואָרן שוואַכער, קוים־קוים באַמערקבאַר... אויסגעגאַנגען און זיך אָפּגעשטעלט, ווי אַן אויסגעגאַנגענער זייגער.

זיין שמייכל ביים באַגעגענען זיך, איז אויך איבערגעגאַנגען אין אַן אָנגעדרודלטקייט.

אויך צווישן אונזערע הינט איז צעשטערט געוואָרן דער שלום־בית. אינם סאַמע ברען פון פלירט, פלעגט זיין הונט ווערן ברו־טאַל, זיך אַוועקרייסן און געשטערט אין דער ליבע.

פון וויטן פלעג איך הערן, ווי זיין באַלעבאָס פלעגט אים אויסמוסרן פאַר זיין פלעבעיִשער האַלטונג און נישט־איבערקלוי־בערישקייט אין געזעלשאַפט. ער פלעגט אים דערלאַנגען אַ געהע־ריקע עליה מיט אַ לעקציע פון ראַסן־טעאָריע אַלס צוגאָב:

— רעקס, ווייס דיין אָרט!

אונטער דער דאָזיקער אַגיטאַציע איז זייער התקרבות פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ שטייגנדיקער אַנטיפּאַטיע, און עס איז זי־כער, אַז ווען בײדע וואָלטן באַזוכט אַ הינט־שולע, וואָלט מען גע־דאַרפט איינאָרדענען באַזונדערע בענק.

באַמערקט האָב איך אויך, אַז אויך די צייטונגען, וואָס ער טראָגט אַמאָל אַהיים, מיין שכן, האָבן זיך געענדערט אויף אַנדערע קעפּלעך: „דזיעננִיק נאַראָדאָווי", „גאָניעץ וואַרשאַווסקי", „אַבע־צאַ", „אָרענדאָוואָוניק" — און זיך טיילן מיט מיר עפּעס פון די דאָ־זיקע „בייעסן", האָט שוין גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

אַ שטרענגע בייזקייט און צערייצטקייט האָבן געהערשט צווישן אונז.

---

דאַקעגן האָט זיך גלייכצייטיק אַנטוויקלט אַ גאָר נייע באַציונג צווישן מיר און מיין צווייטן שכן, דעם משומד.

גייענדיק איינמאָל אויף די טרעפּ, האָט ער פּלוצלינג, ווי פון דער העלער הויט, דערלאַנגט אַ קוים־קוים באַמערקבאַרן שאָקל מיטן קאָפּ, אַ ריר אָן געטון מיט דער האַנט בײַ זיין קאַפּעלוש, באַגלייט מיט אַ קוים־קוים פאַרלעגן שמייכעלע אויף זיין שטייף און חשיבותדיק־בייזלעך פּנים.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך דאָס שמייכעלע אויסגעשיילט אַביסל דייטלעכער און קענטיקער, ווי עס וואָלט געוואַקסן; ביז ס'איז צייטיק געוואָרן און זיך צעבליט אין גאָר אַ ברייטן שמייכל; און פונם קאָפּ־שאָקל איז געוואָרן אַ קניקס מיט אַן אויסגעשפּראָכענער באַגריסונג. און איינמאָל אויף די טרעפּ, האָט ער שוין אַפילו געפּרוווט מיט מיר כאַפּן אַ שמועס וועגן וועטער.

וואָס ווייטער פלעגן אונזערע צופעליקע געשפּרעכן זיך פאַרהאַלטן לענגער. מיר האָבן גערעדט וועגן פּאָליטיק, מלחמה, עמיגראַציע, וועגן דייטשע און היימישע אָנגעלעגנהייטן. בײַ די לעצטע טעמעס פלעגט זיין שטים ווערן שטילער, געבראָכענער און אבלדיק.

לעצטנס האָט ער מיך אויף דער ווינדע אַרויפגעפירט ביז צו מיין טיר מיט אַ שטאָק העכער. ער איז שוין אַפילו נישט אָפּגעהיט געוועזן מיט זיין ריין־פּויליש רעדן און אַריינגעוואָרפן אַ דייטש ווערטל, אַ ווונק אויף זיין התקרבות צו יידישקייט: „פּליטה", „צאַרעס" (צרות), „שלעכטע צייטען", „שלום", „ניכטס צו מאַכען", „עס טויג גאָר אויף קאַפּאַרעס" (כפרות).

— אפשר וועט איר רויכערן אַ ציגאַר? — האָט ער מיך איינמאָל אַפילו מכבד געוועזן.

אויף זיין פּנים און הילוך האָט זיך מער און מער אויסגעשיילט דאָס יידישע אויסזען, ווי עס וואָלט אַרויס פון באַהעלטעניש, און אפשר געקראָכן פון די פּיאות, פון די טרויעריקע אויגן, פון בערדל. דאָ און דאָרט האָט זיך אַרויסגעגנבעט אַ יידישער קנייטש.

פון זיין קעשענע האָט אַרויסגעסטאַרטשעט אַ פּויליש־יידישע צייטונג.

— מען דאַרף דאָך וויסן, וואָס בײַ ייִדן טוט זיך.

אויך צווישן אונזערע הינט האָט זיך פאַרקניפּט גאָר אַ פריינט־לעכע פאַרשטענדיקונג און עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז אויך זיי האָבן דערפילט אַ צרות־רבימדיקייט, ווי זיי וואָלטן זיך עפּעס איינער דעם אַנדערן דערציילט וועגן דער שווערער מינדערהייטס־לאַגע, ווי זיי וואָלטן פּרוּוון זיך אַראָפּבילן עפּעס איינער פאַרן אַנ־דערן פונם האַרצן אַראָפּ.

און מיר האָט זיך עפּעס געדוכט, אַז זיין הונט איז שוין נישט מער דער שטאָלצער נעראָן, נאָר דער אָרעמער שלום־עליכמס „ראַבטשיק".

ביז איינמאָל, באַגעגענענדיק זיך מיט מיר אויפן קאָרידאָר, איז מיין שכן, דער משומד, צוגעלאָפן צו מיר מיט אָפענע אָרעמס און, אָנכאַפּנדיק מיך פאַר די אַקסלען, האָט ער אויסגערופן פאַר־צווייפלט אויף פשוט פּראָסט מאַמע־לשון:

— פאַניע לעבן, וואָסטעס זיינען?! וואָסטעס זיינען?!

דער אויסגעשריי איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ קרעכץ, מיט אַ טיפן, עכט־יידישלעכן קרעכץ...

# דער פּאָעט – דער זוכער

אויף אַ שרייבערישן באַנקעט.

נעבן מיר איז געזעסן אַ פּאַרפּלאָמטער, ברייטבייניקער, געפּאַקטער פּאַרשוין, מיט ברייטע, שאַרפקאַנטיקע אָקסלען, ווי ביי אַן אַטלעט. ער איז געזעסן מיט אַ צעהיצטן פּליך איבער אַ שטיק פיש, אין וועלכן ער האָט געהאַלטן אין איין שטעכן זיין גאָפּל מיט גרויס קוראַזש, ווי ער וואָלט געגאַנגען מיט דעם פיש אויף באַגנעטן־קאַמף.

דערזעענדיק מיך, האָט ער איבערגעלאָזט דעם גאָפּל אין פיש, זיך אויפגעשטעלט, אַריינגערוקט מיר אַ ברייטע, פּעטע, קורץ־פינגערדיקע האַנט, און זיך פאָרגעשטעלט מיט גרויס פּאַטאָס און מיט אַ גרויסן ביסן אין מויל:

— יונה פּערלגרויפּן, צאַרטער דיכטער, וואַנדערער איבער די שטעגן, וועגן און אומוועגן פון פּאָעטישן שאַפן.

— שוין לאַנג, אַז איר וואַנדערט אַזוי? — האָב איך אים איבערגעפרעגט.

— אָ, שוין לאַנג! — האָט ער געענטפערט, אַראָפּשלינגענדיק דעם ביסן ווי אַ גאַנז, — איך קלויב זיך שוין צו מאַכן מיר אַ פינף און צוואַנציק־יעריקן יובילײ פון מיין זוכן און וואַנדערן אויף די שטעגן, שליאַכן, וועגן און אומוועגן פון מיין פּאָעטישן שאַפן.

אַ קליינע פּויזע. מיין שכן האָט שטאַרק געאַרבעט איבער דעם שטיק פיש, געקייעט אויף בײדע באַקן, געענדיקט, אָוועקגעלייגט דעם גאָפּל און געזאָגט:

— ביז וואַנען מען וועט דערלאַנגען דאָס פלייש, וועל איך אייך דערציילן דעם פאַרלויף פון מיין וואַנדערן. נאָך אין מיינע פריסטע יאָרן, ווען איך בין איינמאָל אַזוי געזעסן און געגעסן אַ פּרעזשעניצע פון זיבן אייער, איך געדענק עס אַזוי ווי היינט, האָב איך פּלוצטהאַלבן אין זיך דערפילט אַ וויבראַציע פון לירישן גייסט, אַ ציק־צאַק פון נשמה־ציטער און אַ וויזיאָנערישקייט. איך האָב דערפילט, ווי מיין אינגעווייד האָט פלוצלינג גענומען אַרויס־געבן צאַרטע קלאַנגען פון לבנה־שיין, חלומות־טוי, גאָלד־פּאַר־שלייערטן טונקל און הערלעכע פּאַטאַ־מאָרגאַנעס. איך האָב געטונקט מיין פעדער אין חלומות־טוי און געשאַפן די לירישסטע געזאַנגען און אידלסטע לידער, איך האָב געזונגען מיין שיר־היחוד אין טריאָ־לעטן און סאָנעטן, באַלאַדעס און עלעגיעס, ווי שעלי, באַלמאָנט, סעמיאַטיצקי א. אַנד... דערלאַנגט מיר, זייט מוחל, דעם כריין... דאַכט זיך, אַז מען טראָגט שוין דאָס פלייש.

— אַנטשולדיקט, — האָב איך געזאָגט, — איר מוזט אוודאי באַזיצן זן רייכע צאָל בענדער פון אייערע געזאַמלטע לירישע ווערק.

דערווייל האָט מען דערלאַנגט אַ גרויסן פּאָלומעשאָק רינדן־פלייש און געפליגל. דער דיכטער האָט געענטפערט:

— קיין בענדער לידער פון דער דאָזיקער שאַפונגס־פּאַזע האָב איך נישט; ווייל, ווי נאָר איך האָב זיך געוואָלט פאַרהאַלטן אויף דעם דאָזיקן לירישן עטאַפּ, האָב איך דערהערט אַן אינער־לעכע שטים אין מיינע געדערעם: קוואָ וואַדיס, יונה פערלגרויפן? יונה פערלגרויפן, ווו גייסטו? פאַרלאָז דעם וועג פון עגאָצענטרי־שער ליריק און אינדיווידועלן סענטימענטאַליזם און פאַרקערעווע דעם דישעל צום אַבסטראַקטן אוניווערסאַליזם און אוניווערסאַלן קאָסמאָס. האָב איך זיך באַטראַכט, אַז אויב שוין שאַפן און דיכטן, איז בעסער אויף דעם אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב מיט זיינע סו־געסטיעס און אַסאָציאַציעס. איך האָב געטונקט מיין פעדער אין ראָסל־פלייש, מיין איך, אין פאַטאָס פון ווייטע האָריזאָנטן און זיך פאַרמאָסטן אויף ברייטע טרילאָגיעס, גיגאַנטישע עפּאָפּייען, אַלאַ געטע, בייראָן און מענדל נייגרעשל. דערלאַנגט מיר, זייט מוחל,

דאָרטן דאָס פלעשל לעמאָניאַד. געבראַטנס האָט ליב אַביסעלע לע־מאָניאַד.

ער האָט אויסגעטרונקען אַ גלעזל לעמאָניאַד און ווייטער גע־זאָגט:

— ס'איז מיר אָבער געווען ענג אין שמאָלן קאָסמאָס. איך האָב זיך פשוט נישט געקאָנט אַ קער טון אין די ד' אמות פון גרע־נעצלאָזן רוים און בין איבערגעגאַנגען צו געבנזס, מיין איך, צו דער געטלעכער נאַטור, צו דער פּאָעזיע פון שיינקייט און עסטעטיק, ווי איך זעט מיך עסן אָט־די פולקע פון גאַנז, ווי איך זאָג אייך אמת. מיין באַפליגלטער גייסט האָט זיך געריסן צו זינגען צוזאַמען מיט די זינג־פייגל צווישן די סטרונעס פון די זון־שטראַלן און לבנה־פעדעם. איך האָב געטונקט מיין פעדער אין געבנזן־שמאַלץ, מיין איך, אין בלומען־טוי און דימענט־שטויב און שוין געהאַט בדעה צו שאַפן דעם אַפּאָטעאָז פון עסטעטיזם. כ'בין געוואָרן דער כהן פון אַפּאָל־לאָ־טעמפּל. מיין וועג איז געווען דער וועג פון אַלפרעד דע מוסיע, פושקין, פּערלאַוו און אַנדערע... דערלאַנגט מיר, זייט מוחל, די שוואַרצע קאַשע. געבנזס האָט ליב, אַז מען עסט עס מיט שוואַרצע קאַשע...

— האָט איר דאָס מסתמא אַ באַנד פּאָעמעס פון אייער שיינ־הייטס־עטאַפּ?

— אַ גאַנצן באַנד פּאָעמעס? נישט באַוויזן צו שאַפן; ווייל איינמאָל, ווען איך בין געזעסן און געגעסן אַ טעלער אַרבעס־זופּ, האָט זיך פּלוצלינג אין מיר אָנגעצונדן די נאַטירלעכע סעקסועלע עמאָציע, די פאַטאַלע עראָטיק, דאָס אייביק־ווייבלעכע, דער שטאַר־קער מאָטיוו פון טויט און עראָס. איך האָב געטונקט מיין פעדער אין דורשט פון עראָטישן עקסטאַז. איך האָב געדעמפט מיין ווייראַך אויף דעם מזבח פון גאָט אַמאָר און געטין ווענוס, אַלאַ באָדלער, ווערלען, נחום באָמזע און אַנדערע...

— איר האָט זיכער אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון אַזעלכע עראָטישע ווערק. איך בין זייער נייגיריק עס צו לעזן.

— גראָד נישט; ווייל תיכף בין איך באַהערשט געוואָרן פון אַנדערע זעלישע שטימונגען: דינאַמיש־סטיכישע און סטיכיש־דינאַ־

מישע; עס האָבן פון מיר גענומען טראָגן אורבאַניסטיש־קאָנסטרוק־טיווע אַקאָרדן. עס האָט זיך אין מיר אויפגעכאַפּט דער נייער מענטש מיט זיינע סתירות און פּלאָנטערנישן, כאַאָסן און געראַנגל מיט די נאַטור־סטיכיעס און מיט די בלינדע כוחות פון היסטאָרישן גורל. מיין נשמה האָט זיך אַנטפּלעקט אין אַ ריי ציקלען פון פּאָעטישע אַקאָרדן... איך האָב געשפּריצט מיט פרייד און מיט לעבן אַלאַ יע־סענין, ווערהאַרן, רובינשטיין און אַנדערע.

— קאָן מען אפשר אָנקוקן איין אַקאָרד דאָך פון אייערע אַקאָרדן?

— ווער האָט עס דען אַקאָרדן? ווער? ווי אַזוי האָב איך גע־קאָנט באַווייזן אָנצושרייבן אַקאָרדן, אַז איך האָב תיכף דערהערט אַן אינערלעכע שטים: קוואָ וואַדיס, יונה פּערלגרויפּן? וווהין גייסטו, יונה פּערלגרויפּן? ווו איז דיין מיסטישער אַנטפּלעקונגס־גייסט און דיין געהיימע ווידער־אַנטדעקונג? כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז גערעכט, מחמת איך האָב דערפילט אין זיך פּלוצלינג אַ שטיק פאַרגליווערטן וועלט־שמערץ, און אַז טיף אויפן דעק פון מיין אינ־געווייד ריזלט אַ פּעסימיסטישער קוואַל, בין איך אַריבער צום ציי־מעס, מיין איך, צום מיסטישן רעפלעקס און האָב באַשלאָסן צו אַנטפּלעקן זיך אין אַ סעריע מיסטישע רעפלעקסן... איך האָב געזוכט דערקענטעניש, איך האָב געוואָלט אָנטאַפּן דעם אין־סוף... איך בין געוואָרן דער איינזאַמער טרוימער אויפן מיסטישן אָלימפּ אַלאַ לער־מאָנטאָוו, מעטערלינק און אַהרן צייטלין...

— איך וואָלט אַזוי גערן געזען אַ בוך מיט אייערע רעפּ־לעקסן...

— אוממעגלעך; ווייל נאָך איידער איך האָב באַוויזן אָנצו־שרייבן אַ צוואַנציק ביכער פון מיינע רעפלעקסן, האָב איך ווידער דערהערט אַן אינעווייניקסטע שטים, וואָס האָט גערופן: יונה פּערל־גרויפּן?! פאַרלאָז דיין קליינבירגערלעכן ראָמאַנטיזם מיט דעם פּע־סימיזם, מיט דעם מיסטיציזם און שטעל זיך מיט דיין פראָנט צום רעאַלן אַרום! האָב איך גענומען מיין פראָנט און זיך געשטעלט צום רעאַלן אַרום. איך האָב גענומען מיין פּען און ביקס און זי איינגעטונקט אינם פלוימען־סאָק, מיין איך, אין דעם בלוט און גע־

ראַנגל־קאַמף, אינם ריטם פון מאַשינען־געררויש, שטורעם און דראַנג... איך האָב דערפילט אין זיך אַ ברויזנדיקן ווולקאַן, וואָס האָט זיין לאַווינע אויסגעלאַדעוועט אין אַ ריי לידער פון קלאַסן־קאַמף און סאָציאַלן פּראָטעסט. שפּרוכן אַלאַ בלאָק, מאַיאַקאָווסקי און אַנדערע, אינם הסכם מיט די החלטות און רעזאָלוציעס אויפן 92־טן אַנטראָפּעדקאָם־צוזאַמענפאָר פון נאַרפּראָלעטקולט, וואָס זענען אַריינגעטראָגן פון די חברים דעמיאַן ביעדני, דאָברושין, חיים גילדין און אַנדערע... גיט מיר, זייט מוחל, דעם קאָמפּאָט. אַ דאַנק.

— אַנטשולדיקט; איך האָב געוואָלט וויסן, ווו קאָן מען עס באַקומען אייערע ווערק?

— וועלכע ווערק?

— אייערע לידער, וואָס איר האָט געשאַפן אויף אייער וואַנדער־וועג?

— ווער האָט דען לידער, ווער? און ווי אַזוי האָב איך דען געקאָנט שרייבן לידער, אַז איך בין כסדר געווען פאַרנומען מיט מיינע אידעיִשע וואָגלענישן און גייסטיקע געשטאַלטונגען? און ווען האָב איך געקאָנט שאַפן, אַז איך בין געווען פאַרנומען אין זוכן שטעגן, שליאַכן, וועגן און אומוועגן, פּסעוודאָנימען און נעמען צו די נייע ווערק און טעמעס; זוכן פּאַרלעגער, פּרענומעראַנטן און אַגענטן פאַר אַבאָנאַמענטן און כסדר אַזוי האַלט איך אין איין זוכן און זוכן גאַנצע יאָרן...

— און וואָס זוכט איר איצט?

— די ציין־שטעכער. אפשר האָט איר געזען ערגעץ דאָ די ציין־שטעכער? אַ דאַנק.

# זי האָט אים אָפּגעשניטן די נעגל

צווישן די פּאַציענטן אין וואַרטע־צימער ביים דאָקטאָר X איז געזעסן מיר ביי דער זייט אַ האַלב־גרוי, איינגעהויקערט יִדל, מיט פאַרבונדענע הענט און דיקע, אָנגעוויקלטע באַנדאַזשן אויף די פויסטן, ווי די קישנס.

ווען נישט דאָס חושך־אויסגעווייקטע פּנים, וואָלט מען גע־קאָנט מיינען, אַז דאָס איז אַ באָקס־שלעגער, וואָס אָנשטאָט גרויסע, אָנגעשוואָלענע, שוואַרצע באָקס־הענטשקעס אויף די פויסטן, טראָגט ער ווייסע.

האָבן מיר צווישן זיך געשמועסט און ווי דער שטייגער איז, אין אַ וואַרטע־צימער פון אַ דאָקטאָר, אַראָפּגערעדט איינער דעם אַנדערן די חולאתן פון האַרצן און די דריקענישן פון דער נשמה.

נאָכדעם, ווי איך האָב אים אַרויסגעלייגט מיין גאַנץ פּעקל קראַנקהייטן און ווייטיקן, האָב איך אים אַ פרעג געטון, מיין יידל:

— און וואָס איז דאָס מיט אייערע הענט, וואָס זענען ביי אייך אַזוי אַרומגעבונדן און אַרומגעוויקלט, ווי איר וואָלט זיך אַרומגע־טראָגן מיט אַ געוויקלט צווילינג?

— נישט פאַר אייך געדאַכט, „מאַנופאַקטור”,—האָט דאָס יִדל געענטפערט מיט אַ זיפץ, וואָס קאָן קלעקן פאַר צען דורכגעפאַלענע וואַל־קאַנדידאַטן מיט צוואַנציק סוחרים אין שטייער־אַמט.

— מאַנע וואָס? — האָב איך געפרעגט.

— „מאַנופאַקטור”.

— וואָס איז דאָס אַזוינס פאַר אַ קרענק אַזאַ? אַ הויט־קראַנק־הייט? אַ געשווילעכץ?

— „מאַנופאַקטור״, מיין טאָכטער האָט מיר אָפּגעשניטן.

— וואָס האָט זי אייך אָפּגעשניטן, וואָס? שניט־סחורה?

— די נעגל, די נעגל האָט זי מיר אָפּגעשניטן.

— אַך, „מאַניקיר״ מיינט איר.

— מיינעקור, שמיינעקור, אַ גרויסע נפקא־מינה. דער עיקר, זי האָט מיר אַזוי אָפּגעשניטן, אַז הלוואי זאָל איך גוט אָפּשניידן.

— אַזוי גאָר?

— נו, יאָ, מיין טאָכטער האָט געוואָלט ווערן אַ זעלבסטשטענ־דיקער מענטש, ווייס איך נישט, צי זי איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענ־דיקער מענטש, נאָר אַז איך בין געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע קאַ־ליקע, דאָס איז זיכער.

— איך פאַרשטיי אייך נישט — האָב איך געזאָגט — רעדט קלאָרע דיבורים.

— ווי אַזוי קאָן איך רעדן מיט אַזעלכע אָנגעווייטיקטע הענט? איר זעט נישט, אַז זיי זענען ביי מיר געפּענטעט און געשוואָלן, ווי די בערג?

— טאָ רעדט מען אָן די הענט.

— ס'איז לייכט צו זאָגן, איך זאָל רעדן אָן די הענט... מילא, איך וועל מיר אָנטון אַ כּוח... יאָ, איז וואָס?... איז, הייסט עס, אַז איך האָב אַ טאָכטער, קיין עין־הרע, אַ בוגרות, נאָר קיין חתן איז נישטאָ... זאָגט זי מיר אַנומלט, מיין טאָכטער, זאָגט זי צו מיר:

— טאַטע־לעבן, איך וויל לערנען אַ פאַך, געננוג צו זיצן ביי דיר אויפן קאַרק און עסן דיין לאַסקאַוון ברויט. איך וויל מיר אַליין אָנהויבן פאַרדינען, איך וויל ווערן אַ „פּעלבּאָליעטניער״ מענטש.

רוף איך זיך אָפּ צו איר:

— אָ, אַדרבא ואדרבה, ווילסט אַראָפּגיין פון טאַטנס קעסט, מהיכא־תיתי... וואָס־זשע פאַר אַ מלאכה, אַ שטייגער, ווילסטו זיך לערנען? שניידעריי? הוט־פּוצעריי? דאָפּל־בוכהאַלטעריע? אַקושער־קע? צי אפשר מאַכן גאָרסעטן?

זאָגט זי:

— אַזעלכע מלאכות דאַרף געדויערן אַ לאַנגע צייט אויסצו־לערנען זיך. ס'איז נישט פּאַר מיר. צו שפּעט זיך צו לערנען אַזעלכע מלאכות. איך וועל מיך לערנען „מיינעקור". פרעג איך:

— וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַ מלאכה, אָט דאָס, וואָס דו זאָגסט?

זאָגט זי:

— דאָס איז שניידן נעגל.

— טפו, מיינע שונאים — זאָג איך — שניידן נעגל דאַרף מען זיך לערנען? ווער קאָן דאָס נישט שניידן קיין נעגל?

זאָגט זי:

— דאָס איז נישט אַזאַ מין שניידן נעגל, וואָס מען שניידט, נאָר דאָס איז אַ „נאַוקע" און דאָס איז אַן איידעלע אַרבעט. עס איז כמעט, ווי אויסשניידן היגער־אויגן, אָדער מאַסאַזש. מען גייט מיט וויזיטן, וויזיטן קומען צו דיר, און מען קאָן דערפון מאַכן אַ שיין לעבן און פאַרדינען געלט, און אַז זי וועט זיך אויסלערנען תורת מיינעקור, וועט זי זיך נעמען צו תורת פּאַמפּאַדור.

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

— דאָס, זאָגט זי, איז שניידן נעגל פון די פיס.

— איר מיינט פּעדיקור.

— פּענדיקור, מילא, זאָל זיין פּענדיקור... זאָג איך איר, אָוואַ! אויף שניידן נעגל פון די פיס איז פאַראַן אַ נייער נאָמען? אַ נס, זאָג איך, וואָס אויף יעדן נאָגל־שניידן באַזונדער איז נישטאָ קיין באַזונדערע ספּעציאַלנאָשטש.

— נו, געוויס, — זאָגט זי, — ס'איז היינט דאָ אויף יעדער זאַך אַ ספּעציאַלנע ספּעציאַלנאָשטש. איינער שניידט נעגל, אַ צווייטער שניידט מאַנדלען, אַ דריטער שניידט היגער־אויגן. און דאַן,— זאָגט זי ווייטער, וועל איך מיר ווערן אַ פּאָלנע מענטש און וועל מיר נאָך אָנקלויבן אַביסל נדן און אפשר חתונה האָבן אויך...

געפעלט מיר שוין די מעשה, זייער שיין, נאָר וואָס דען? זי דאַרף האָבן אַ פּופּציקער. אַזוי פיל קאָסט עס אויסלערנען די תורה פון שניידן נעגל.

בין איך דאָך עפּעס אַ טאַטע. אַ קינד וויל זיך לערנען

אַ מלאכה, זאָל איך נישט העלפן? נעם איך און גיב איר אַ פופּ־ציקער... ס'רעדט זיך נאָר אַזוי „איך נעם און גיב". געגוג, ב"ה, אָנגעלאָפן זיך, ביז איך האָב באַקומען צו באָרגן דעם פופּציקער און אויף אַ היפּשן פּראָצענט. נאָר, מילא. די טאָכטער וועט אָנ־הויבן פאַרדינען, וועלן מיר עס אויסצאָלן. זי וועט גיין מיט וויזיטן, וויזיטן וועלן קומען צו אונז און זי וועט נאָך אָנהויבן שניידן נעגל פון די פיס אויך, וועל איך האָבן נחת פון אַ טאָכטער.

אָפּגעציילט איר דעם פופּציקער און מיר נעמען וואַרטן. איך וואַרט, זי וואַרט, דער וווכערניק וואַרט. אַלע וואַרטן. מיינ גאָטס הילף, געענדיקט די קלאַסן פון שניידן נעגל מיט די אַלע אַקאַ־דעמיעס... וואָס איצט?

— איצט, טאַטע, באַדאַרף מען ווידער געלט.

— אויף וואָס געלט?

— געצייג.

— וואָס פאַר אַ געצייג — פרעג איך — דאַרף מען האָבן צו שניידן נעגל: אַ מעסערל, אָדער אַ שערל?

— ניין — זאָגט זי — דאָס איז נישט אַזאַ מין שניידן נעגל, וואָס מען שניידט מיט אַ מעסערל, אָדער מיט אַ שערל. דאָס איז אַזאַ נעגל־שניידן, וואָס מען שניידט מיט „סטרומענטן". מען פיילט מיט אַ פייל, און מען שלייפט מיט אַ שלייף־שטיין, און מען פּוצט מיט אַ פּוץ־באַרשט, און מען גלאַנצירט מיט אַ גלאַנץ, און מען פאַ־לירט מיט פאָליטור, און מיט לאַק, און מיט טריוואַקס, און דערצו דאַרף מען האָבן אַלערליי מכשירים מיט סטרומענטן און מיט מאַ־טעריאַלן.

— וויפל־זשע — פרעג איך — קאָסטן אָט די אַלע מכשירים מיט סטרומענטן און מאַטעריאַלן?

זאָגט זי:

— אַ פופּציקער. מען קאָן — זאָגט זי — אַפילו אָנקויפן אַזעלכע סטרומענטן מיט מאַשינקעס, וואָס זאָלן קאָסטן טויזנט זלאָ־טעס אויך. עס האָט דען אַ שיעור? נאָר דערווייל קאָן מען אויסקו־מען מיט מכשירים פאַר פופּציק זלאָטעס און דאָס, זאָגט זי, איז בלויז פאַר מאַנעקער, ד. ה. פאַר שניידן נעגל פון די הענט, וואָרום

אויף שניידן נעגל פון די פיס, ווי הייסט עס דאָרט — „פּאַנדע־קור" — דאַרף מען גאָר האָבן אַנדערע סטרומענטן מיט נייע געצייג.

טראַכט איך: עס איז דאָך אַ מציאה פון אַ גנב. וואָרום וואָס וואָלט איך טון, ווען אויף יעדן נאָגל זאָל מען באַדאַרפן האָבן אַ באַזונדער פּעקל סטרומענטן?

באָרג איך מיר אַ נייעם פּופּציקער אויף אַ משכון. פאַרזעצט אַ קישעלע. איינגעקויפט די אַלע מכשירים, דאַרף מען ווידער געלט אויף אַ שילד מיט אַ טאַבליצע צו דער גאַס. הענגען מיר אויף אויף דער סאַמע טיר אַ שילד מיט אַ טאַבליצע: „מאַמזעל גאָלדע גדאַלעוויטש נעמט אָן מאַקלאַטור.

— מאַניקור, מיינט איר.

— מיינעקור, שמיינעקור, אַ גרויסער חילוק. עס גייט איך אין גראַמאַטיק? שלאָגט מיר נישט איבער. איך האָב נישט קיין כּוח צו רעדן מיט פאַרבונדענע הענט... דער עיקר, מיין טאָכטער הויבט אָן וואַרטן אויף קליענטן, אויף בעלנים צו שניידן נעגל, נאָר נישטאָ קיין קליענטן. אויסגעטריקנט. עס פּאַסט צו זאָגן, ווי נעגל וואָלטן אויף דער וועלט גאָר אויפגעהערט צו וואַקסן.

קומט צו מיר צו מיין טאָכטער איינמאָל און זאָגט:

— טאַטע! לאָז מיך, וועל איך דיר גאָר מאַכן מיינעקור. איך וועל דיר אָפּשניידן די נעגל, אַז דו וועסט זיך מחיה זיין.

— צו וואָס — זאָג איך — זאָלסטו מיר שניידן די נעגל? אי"ה פּרייטיק נאָכן מרחץ וועל איך מיר אַליין אָפּשניידן די נעגל.

— וואָס דאַרפסטו וואַרטן אויף פרייטיק, לאָז מיך אַצינד, וועל איך דיר מאַכן מיינעקור פּערווי קלאַס. קיין קליענטן זעט מען נישט. איך קאָן נאָך, חלילה, פאַרגעסן דאָס פאַך. איך מוז — זאָגט זי — האָבן פּראַקטיקע. מחמת יעדעס פאַך פאָדערט פּראַקטיקע מיט טע־ריטאָריע, און טעריטאָריע, זאָגט זי, האָט זי.

— וועלכע טעריטאָריע?

— אָט דאָס, וואָס איז דער היפּוך פון פּראַקטיקע.

— טעאָריע, מיינט איר.

— טעאָריע, טעריטאָריע, אַ נפקא־מינה. אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס טעריטאָריע איז אויך אַ שיין וואָרט...

— הכלל — זאָג איך צו איר — ווילסט זיך, הייסט עס, לער־נען אויף מיין באָרד גאָלן? מילא, לערן זיך. וואָס טוט מען נישט פאַר אַ טאָכטער, וואָס וויל ווערן זעלבסטשטענדיק? בפרט, אַז עס האָט אָפּגעקאָסט אַזאַ מטמון מיט געלט. פאַרוואָס זאָל זי טאַקע פאַרגעסן די מלאכה און בלייבן אָן פּראַקטיקע, בלויז מיט „טעריי־טאָריע"? בין איך מרוצה און, אַגב, בין איך טאַקע טשיקאַווע צו זען, ווי מען מאַכט עס, אַט דאָס דאָזיקע, ווי הייסט עס?

— מאַניקיר.

— מיינעקער. איך וויל זען, וואָס פאַר אַ תורה שטעקט דע־רין און וואָס פאַר אַ גאונות, אַ שטייגער, וועט זי דאָ ווייזן אין נעגל־שניידן...

נעם איך און וואַרף איר אַריין מיינע צוויי בינטלעך פינגער: נאַ, טאָכטערשי, טו, מאַך מיט זיי, וואָס דו ווילסט, נאַר, זע — זאָג איך — למ"ה, זאָלסט מיר אומקערן מיינע אַלע צען פינגער, עס זאָל קיין איינער נישט געמינערט ווערן.

מיין טאָכטער האָט זיך, נעבעך, מחיה געווען, געגומען זיך מכין זיין, ווי צו אַ גרויסער עבודה. זי האָט אָנגעטון אַ קיטל, ווי צו אַ סדר, אַוועקגעשטעלט אַ שיסל וואַסער אויף נעגל־וואַסער, כאַטש נעם און מאַך נטילת ידים, נאָכדעם האָט זי אויפ־געעפנט אַ קאַסטן מיט געצייג און סטרומענטן, אַז אַ פחד איז מיך באַפאַלן.

— דאָס אַלץ איז אויף אָפּצושניידן מיר די נעגל? עס זעט דאָך אויס, ווי דו קלויבסט זיך מיר מאַכן אַן אָפּעראַציע אויף „שלע־פּע קישקע" אָדער אויף מערידן... אפשר דאַרף מען אַ שלאָף־געטראַנק?

— האָב נישט קיין מורא, טאַטע — זאָגט זי — איך וועל דיר מאַכן אַ מיינעקור, אַ ברכה צו מאַכן.

— אַ ברכה — זאָג איך — מאַך איך סיי־ווי־סיי איבער מיינע נעגל שבת־צו־נאָכטס צו הבדלה... זע, דו זאָלסט זיי נישט איבער־פירן; וואָרום, איך וועל דערנאָך נישט האָבן אויף וואָס אַ ברכה צו מאַכן.

און זי נעמט אַריין מיינע ידים אין דער אַרבעט אַריין און

עס גייט אוועק אַ שניידעניש מיט אַ פּיילעניש און אַ פּוצעניש, און זי רייבט, און שלייפט, און שמירט, און קראַצט, און אַ ריח אַ מאַד־נער פאַרגייט מיר אין מוח אַריין. און עס שטעכט, און עס קיצלט, און עס איז מיר נישט גוט. איך בין זיכער, אַז אַ פּאָר פינגער וועל איך אין דעם טומל זיכער פאַרלירן... נאָר איך האַלט אונטער דעם קוראַזש און זאָג:

— שנייד נישט, טאַכטערשי, אָפּ די נעגל אינגאַנצן און לאָז איבער אַביסל אויף צו קראַצן זיך, ווען עס וועט נישט זיין אויף שבת, וואָרום אַז עס איז נישטאָ אויף שבת און איך האָב נישט מיט וואָס זיך צו קראַצן אונטערן בערדל, בין איך אויס מענטש, און נאָך עפּעס: צעשיט נישט, טאַכטערשי, מיינע נעגל אויף דער ערד, דער מלאך־הדומה זאָל מיך נישט שיקן אויפקלויבן זיי אי״ה איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר.

אָט אַזוי חכמה איך זיך, אַבי צו פאַרטרייבן די נישט־גוט־קייט. אַ כפרה די נעגל, איך זאָל כאָטש אַרויסגיין גאַנץ מיט מיינע פינגער.

נאָר געלויבט דער אויבערשטער — אַ סוף.

— פאַרטיק — זאָגט מיין טאָכטער אָן די בשורה — האָב איך דיר געמאַכט, טאַטע, אַ מיינעקור, די פינגער צו לעקן. אַפילו אַביסל צעבלוטיקט, אָבער עס שאַדט נישט.

איך כאַפּ אַ קוק אויף מיינע נעגל און עס איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן: הזאת נעמי? דאָס זענען מיינע צען פינגער? איך קען דאָך עפּעס מיינע צען פינגער, ווי מיינע צען פינגער. רבונו דעלמא כולא! וואָס האָט זי געמאַכט פון מיינע פינגער און מיינע נעגל? אָנגעמאַליעוועט, געשניצט און אויסגעפּוצט און אָנגעשמירט מיט ראָזעווע פאַרב, ווי קאַלירטע פּאַטשערקעס פון אַ לאָוויטשער פּויערטע. היינט גלאַנצן זיי סכנות נפשות! ווי איך וואָלט נאָר־וואָס מיט זיי געגעסן פּעטע וואַרעניקעס. גאָרנישט קיין מענטשישע נעגל. און עס רייסט, עס צופּט, און עס טוט וויי! נאָר, דעם ווייטיק בין איך אייך מוחל. אָבער, ווי וועל איך מיט אַזעלכע נעגל זיך ווייזן פאַר לייטן, ווי וועל איך מיט אַזעלכע הענט און פינגער שמועסן מיט אַ מענטשן, האַנדלען, רעדן, אונטערשרייבן אַ וועקסעלע, געבן

אַ פייג?... עס איז דאָך אַ חוזק מיט אַ געלעכטער, בפרט נאָך היינ־טיקע צייטן, ווען מען קוקט דיר אומעטום אויף די פינגער...

מילא, וואָלט איך געוואַרט, ביז מיינע נעגל וועלן צוריק פאַר־וואַקסן ווערן, די פאַרב וועט אָפּקריכן, די נעגל וועלן ברודיק ווערן און זיי וועלן צוריק באַקומען זייער מענטשלעך אויסזען. איז אָבער אַן אומגליק, וואָס דער ווייטיק האָט גענומען וואַקסן און זיי ווערן מיר געשוואָלן, מיינע פינגער, און איך הויב אָן ליידן די אמתע יסורים. אַ גאַנצע נאַכט קאָן איך נישט מיט אַן אויג צו־טון. וואָרום, לא די, וואָס איך האָב דאָס קישעלע פאַרמשכנט מיט דער קאָלדרע, האָב איך איצט אויף זיך אַ וויסטע קאַריקאַטור.

— מאַניקיר, מיינט איר.

— מיינעקור, שמיינעקור! הערט מיר אויף צו פאַריכטן... איך רייס זיך אויף די ווענט און ער פאַריכט די גראַמאַטיקעס... אַ קיצור, לייט האָבן אָנגעהויבן זאָגן, איך זאָל גיין צו אַ דאָקטאָר, מחמת עס קאָן נאָך, חלילה, זיין אַ בלוט־פאַרגיפטונג. איצט גיי ווייס, פאַרוואָס פריער צו צאָלן, צי דעם וווכערניק פאַר מיין טאָכטערס נאַוקע, אין לאָמבאַרד פאַרן קישעלע, צי דעם דאָקטאָר פאַר קוראַציע, צי דעם אַפּטייקער פאַר פלאַסטערס... יאָ, יאָ, מיין טאָכטער האָט געוואָלט ווערן אַ פאַרדינערין, אַ בעל־פרנסה, וויי איז דעם טאַטן!

איצט וויל זי זיך, מיין טאָכטער, לערנען דאָס צווייטע, ווי הייסט עס — „פאַנדעקער“. נאָר אַ דאַנק. מוחל! גענוג! איך וויל נישט ווערן קיין קאַליקע אויף די פיס. אַ דאַנק! איך וויל נישט.

---

די טיר פון דאָקטאָרס קאַבינעט האָט זיך עטוואָס געעפנט און אין דער שפּאַרע האָט זיך באַוויזן אַ קיטל, אַ קמץ־בערדל, אַ פּאָר ברילן מיט אַ שפּיץ פון אַ נאָז, וועלכע האָבן געמאָלדן:

— ווייטער.

און מיין יידל איז מיט זיינע פאָרויס־אויסגעשטרעקטע, אָנ־געפּעלצטע הענט פאַרשוווּנדן אין דער טיר אַריין.

# דער פאַרביסענער קאַרעקטאָר

אַלע קענען אים. ער הייסט שמואל משה. ער איז אַ קאַרעקטאָר. ער איז שטאַרק קורצזיכטיק און היזעריק און קליין און שטאַרק אויסגעבויגן, ווי אַ פראַגעצייכן פון פעטיט־שריפט.

די קאַרעקטור איז ביי אים נישט סתם אַ פאַך, נאָר אַ לעבנס־אידעאַל, אַ נאַטור־סטיכיע.

אויף קאַרעקטור, זאָגט ער, שטייט די וועלט. אָן קאַרעקטור וואָלט די וועלט געווען אַ כאַאָס, אַ תוהו־ובהו.

— דאָס, וואָס אויף דער וועלט, זאָגט ער, איז איצט אַזוי שלעכט, איז דאָס דערפאַר, וואָס דאָס לעבן איז פאַרגרייזט און נישט געהעריק קאַרעגירט. די וועלט, זאָגט ער, וואָלט גאָר אַנדערש אויסגעזען, ווען זי וואָלט געלעגן אין די הענט פון קאַרעקטאָרן.

אַנומלט האָב איך אים געטראָפן שטיין אויף טוואַרדע גאַס מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ, צוהאַלטנדיק פון הינטן דעם ווייכן קאַפּעלױשל און זשמורענדיק מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן אַרויף־צו־צו.

— וואָס האָט איר דאָ דערזען, פאַניע שמואל משה, אַ צעפּלין?

— וואָס פאַר אַ צעפּלין? — האָט ער אַרויסגעכריפּעט. — קוקט נאָר אַהערצו־צו אויפן שילד.

איך האָב אויפגעהויבן די אויגן צום שילד און איבערגעלייענט:

„דאָ פּערקויפט מען סנאַפּש״.

— ווי געפעלט איך? אָנשטאָט „שנאַפּס״, שטייט דאָ „סנאַפּש״.

— „סנאַפּש״, „שנאַפּס״ — אַ נפקה־מינה. קומט, מיר׳ן אַריינגיין און מאַכן אַ כוסה.

— איך דאַרף נישט קיין „סנאַפּש״! — האָט ער מיר שאַרף אָפּגעשניטן.

— אָבער אַ ביס טון מעג מען דאָך. קומט אַריין, וועלן מיר איבערכאַפּן אויף דער נשמה.

— מען דאַרף נישט זאָגן „איבערכאַפּן אויף דער נשמה״, נאָר „איבערכאַפּן דאָס האַרץ״.

— אַ נפקה־מינה. קומט אַריין, וועלן מיר עפּעס עסן. איך זענט דאָך הונגעריק.

— מילא, איך בין טאַקע הונגעריק. פון נעכטן אָן גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל.

מיר זענען אַריין אין רעסטאָראַן. דער קעלנער האָט אונז דערלאַנגט די שפּייז־קאַרטע.

שמואל משה האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער שפּייז־קאַרטע, פאַרבראָכן די הענט, ווי ער וואָלט איבערגעלייענט אַ טרויעריקע טעלעגראַמע מיט אַ שרעקלעכער בשורה, און אַרויסגעשיפּעט:

— די חמור־קעפּ קאָנען נאָך אַלץ נישט פאַרשטיין, אַז שפּייז־קאַרטע איז נישט איין וואָרט, נאָר צוויי ווערטער, און אַז צווישן ביידע ווערטער קומט אַ „לאָנטשניק״. עי, קעלנער!

דער קעלנער איז צוגעלאָפן:

— ווי, פרעג איך איך, איז דאָ דער לאָנטשניק, האַ?

— אַ פּאָנטשיק?

— נישט קיין „פּאָנטשיק״, נאָר אַ „לאָנטשניק״! — האָט שמואל משה געסקריפּעט מיט זיין הייזעריק קול.

— לאָזט אָפּ, פּאַניע שמואל משה! — האָב איך זיך אַריינגעמישט. — „לאָנטשניק״, שמאָנטשיק״. באַשטעלט בעסער עפּעס און נאָמיר טועם זיין.

ער האָט ווידער איינגעגראָבן זיינע פאַרדשמורעטע אויגן אין דער שפּיל־קאָטע, האָסטיק אַרויסגעכאַפּט זיין פּיל־פּעדער און געגו־מען גלייכצייטיק קריצן אי מיט דער פּעדער, אי מיט די ציין:

— צו אַלדע כאָליערעס! מענטשן שרייבן דאָס אַביסל! אַנ־שטאָט פלייש, שטייט דאָ פלייש מיט אַ דגוש! ווי קומט אַהער אַ דגוש אין „פ״?

— אַ דאַגה האָט איר, מיט אַ דגוש, אָן אַ דגוש. געגעסן זאָל ווערן!

— איך עס נישט קיין פלייש מיט אַ דגוש. און סתם איך פאַר־שטיי נישט, וואָס פאַר אַן אָרטאָגראַפּיע איז דאָ צו אַלדע רוחות! קעלנער!

דער קעלנער איז צוגעלאָפן.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — האָט אים שמואל משה גע־נומען אויף אַ פאַרהער: — וואָסער אָרטאָגראַפּיע איז ביי אייך — אַן אַלטע, צי אַ נייע?

— אַנטשולדיקט, — האָט זיך דער קעלנער באַליידיקט, — ביי אונז איז אַלץ ניי און פריש. נישטאָ ביי אונז קיין פאַרעלטערטע פּראָדוקטן.

— נישט דאָס מיין איך, — האָט אים שמואל משה נישט אָפּ־געלאָזט. — איך מיין: וועלכע אָרטאָגראַפּיע באַנוצט איר דאָ אין דער שפּייז־קאַרטע, — צי די אַלטע, צי די נייע, צי די מיטעלע, צי די ווילנער, צי די סאָוועטישע, צי נח פּרילוצקיס, צי וויסנבערגס, צי די זשעלעכאָווער, צי מיט אַ שטומען עין, צי אָן אַ שטומען עין, צי אפשר אַ געמישטע, האַ?

— אַ־אַ! אַ געמישטע יאַרשינקע, מיינט איר? אַ געמישטן קאָמפּאָט? אַ מיעשאַנקע?

— וואָס פאַר אַ מיעשאַנקע? — כריפּעט שמואל משה און קאָכט, ווי אַ קעסל. — איר פאַרשטייט נישט, וואָס מען רעדט צו אייך. איך מיין, וואָסער אויסלייגעכץ איז ביי אייך? ווי לייגט איר אויס אייערע שפּייזן?

— אָ! מיר לייגן אויס אונזערע שפּייזן מיטן גרעסטן שיק!

קוקט נאָר אָן אונזער קאַלטן בופעט. זעט נאָר, ווי בײַ אונז ליגט אויסגעלייגט דער לעשטש אויפן פּאַלומישאַק, מיט די מייערלעך, פּעטיצלעך ציטרין, מיט די לאָרבער־בלעטער. ס׳מחיה צו קוקן.

— און ווי האָט איר אויסגעלייגט אייער וווּרשט? מיט אַן אַלף צווישן די וואָוון, האַ? ווייסט איר נישט, אַז ווורשט לייגט מען היינט אויס מיט דריי וואָוון? און ווי אַזוי שרייבט איר דאָס אויף איין און דער זעלבער שפּייז־קאַרטע פיר ענדעס: פּיפּ־קעלעך, לעבערלאַך, קליסקעליך און באָבעלאָך. „לעך", „ליך", „לאַך"! לאָך, לאַך, ליך, לעך! וואָס איז דאָס עפּעס? איר מאַכט עס לשם קוריאָז? טאָ באַדאַרפט איר עס אַריינשטעלן אין „גענזן־פיסלעך"! ווו זענען די „גענזן־פיסלעך"?

— נישטאָ היינט, לײַדער, קיין גענזן־פיסלעך. אפשר ווילט איר אַ גענזן פּופּיקל?

— איך דאַרף נישט קיין גענזן־פּופּיקל, איך וויל זען דעם מאַנוסקריפּט, וויל איך זען!

— איך וועל אַ קוק טון אויפן קאַך.

— וואָס פאַראַ „קאַך"? ווער זאָגט עס קאַך?

— זאָל זיין קוך.

— וואָס פאַראַ קוך?

— זאָל זיין קעך.

— וואָס פאַראַ קעך?

— ווי דען זאָל איך זאָגן? — בעט זיך דער קעלנער.

— קיך! קיך דאַרף מען זאָגן! מען קאָן דאָך פון אייך משוגע ווערן! אַ שפּייז־קאַרטע מיט לויטער גרייזן. דאַרף זיין פּופּ־קעס, שטייט פּופּקעס! דאַרף זיין פאַרפל, שטייט פּאַרפל! דאַרף זיין פיס, שטייט פיש. דאַרף זיין קישקע, שטייט קיסקע. עס איז דאָך שווידערלעך! דאָס בלוט אין די אָדערן קאָן דאָך פאַרקילט ווערן פון אַזאַ שפּייז־קאַרטע!

— אָבער פּאַניע געערטער, — בעט זיך דער קעלנער, — בײַ אונז איז די בעסטע שפּייז־קאַרטע. קוקט נאָר אָן אָן אויסוואַל פון געריכטן, די גרויס פון די פּאָרציעס!

— איך דאַרף נישט קיין פּאַרציעס, איך דאַרף נישט קיין געריכטן, איך דאַרף נישט, איר הערט? איר האָט מיר אָפּגעקוי־לעט אַ שפּייז־קאַרטע! איך וועל נישט עסן פון אייער שחיטה!... בעסער אויסגיין פון הונגער, איידער צו עסן פון אַזאַ שפּייז־קאַר־טע! אין דער ערד אַריין מיט די ביינער! צו אַלדע שוואַרץ יאָר! טפו !...

ער האָט אַ שליידער געטון די שפּייז־קאַרטע אויף דער ערד און איז אַנטלאָפן אָן אַ זיי־געזונט.

# דער ייד מיט די טעריטאָריעס

לעצטנס קומט צו מיר אַרויף אַ מערקווירדיק יידל.

— ער מוז — זאָגט ער — האָבן אַ שרייבער אונטער דער האַנט, וואָס זאָל באַשרייבן אין די גאַזעטן זיינע פּלענער און פּראָיעקטן, כדי זיי זאָלן באַקומען אַ פּרסום און נישט פאַרלוירן גיין פאַר דער וועלט.

אַליין איז ער, וואָס מען מען רופט אַ פּליט, אַן אַרויסגעטריבענער פון סודעטן־געביט, אַ מענטשל מיט אַ דאַרער, איינגעפאַלענער טאַליע, מיט אַ דאַר, האַלב־אויסגעקראַכן בערדל, דאַרע הענט און אַ דאַר האַלז־טיכל אויף אַ דאַרן האַלז, מיטן שפּיציקן קנאָפּ.

דאָס אָפּגעשאָסענע, האַרטע קאָפּעלושל מיט די פאַרשטויבטע ברעגן איז ביי אים פאַרוקט אַרויף און אַנטפּלעקט אַ בלאַסן, למדניש־פאַרשוויצטן שטערן.

פון זיינע ערשטע וויזיטן האָב איך אויסגעפונען, אַז ער איז אַ גרויסער קאָפּ־מענטש, אַ דערפינדער און אויסטראַכטער פון גרויסע פּלענער. ער איז באַשעפטיקט מיט אויסטראַכטן אַ „פּערפּעטואום מאָבילע", אַן אייביקן קאַלענדאַר, אַ סיסטעם צו געווינען אויף דער רולעטקע, אַ מיטל צום וועלט־קריזיס, צו דער אַרבעטלאָזיקייט, ווי צו ברענגען דעם וועלט־שלום א. א. וו. א. א. וו.

לעצטנס איז ער אַרויפגעקומען צו מיר מיט גאָר אַ נייעם פּלאַן. ער איז אַרויפגעקומען מיט אַ גדולה. זיינע דאַרע באַקן האָבן געגלאַנצט. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גלאָבוס, אין דער צווייטער האַנט — אַ גרויסע מאַפּע, און ער האָט געזאָגט:

— איר ווייסט, איך אַרבעט איצט איבער אַ גרויסן נאַציאָנאַל־טעריטאָריאַל־קאָלאָניזאַטאָרישן פּלאַן צו לייזן די יידן־פראַגע! אין טעריטאָריע האָב איך שוין — מאַיאַייקע, אַ שטיק לאַנד נאָענט צום נאָרדפּאָל. אַכט טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער שניי און טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער אייז. איז אָבער די צרה, וואָס דאָרטן איז קאַלט. און קאַלט איז דאָרטן אַ שרעק... מען זאָגט, אַז פון פראָסט ווערט דאָרטן ביי די קי די מילך געפרוירן אין די אייטערס... האָב איך בדעה איינצוריכטן צענטראַל־באַהייצונג. איז עס אָבער פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות. האָב איך באַשלאָסן אויסצונוצן בעסער אַ נאַטור־קראַפט: איך וועל נעמען דעם וואַרעמען גאָלף־שטראָם, וואָס פליסט ביי די ברעגעס פון סקאַנדינאַוויע און אַ קער טון אַהערצו, צום נאָרדפּאָל, צו די ברעגעס פון מאַיאַייקע. דאַן וועט זיך דער קלימאַט אָנוואַרעמען און מיר וועלן האָבן 16 טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער פרוכטבאַרן באָדן. איר ווייסט, וואָס דאָס איז? מיר וועלן עס צעטיילן אויף נחלאות און גיטער פאַר פליטים; יעדן פליט אַ נחלה, מיט גיטער, מיט גערטנער, מיט סעדער און מיט כל־טוב. איך באַדאַרף נאָר אַ טראַכט טון, ווי מאַכט מען מיטן גאָלף־שטראָם, ער זאָל זיך וועלן אַ קער־טון אַהערצו צו מיין טעריטאָריע.

דערווייל אָבער, בעט איך אייך, האַלט עס בסוד. מער פעלט מיר נישט, אַז מען זאָל ביי מיר אויסכאַפּן דעם גאָלף־שטראָם... נו, זייט מיר געזונט. וועגן די רעזולטאַטן וועל איך אייך בקרוב מודיע זיין. אַדיע!

---

אין עטלעכע טעג אַרום איז ער ווידער געקומען. אָבער שוין נישט מיט אַזאַ גדולה.

— איר ווייסט, דער גאָלף־שטראָם לאָזט זיך נישט אַ קער־טון, בשום־אופן. איך ווייס גאָרנישט, וואָס איך זאָל מיט אים מאַכן... אָבער — עס שאַדט נישט. איך האָב שוין אַ נייע טעריטאָריע — קילעמאַנדזשיקאָ, אין מיטן אַפריקע. ס'איז נאָר נישט גוט, וואָס ביי דער זייט געפינט זיך דער עקוואַטאָר. נאָר, עס מאַכט נישט. מען

קאָן דעם עקוואַטאָר אַביסל אַוועקרוקן אָן אַ זייט, וועט עס נישט שטערן. דערפאַר אָבער איז עס אַ גענוואַלטיקע טעריטאָריע! צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי מאַנדזשוריע מיט פּאַלעסינע צוזאַמענגענומען. איז אָבער די צרה, וואָס דאָרט איז זייער הייס. הינער לייגן דאָרט געקאָכטע אייער. איבעריקנס, איז עס נישט קיין גרויסע צרה. מען קאָן זיי געבן שלינגען אייז, די הינער. אַגב וועל איך דאָרט אויפשטעלן גרויסע ווענטילאַטאָרס, וואָס וועלן אַביסל אָפּקילן די טעריטאָריע. אויב אָבער עס וועט זיך נישט לאָזן, האָב איך אָן אַנדערע טעריטאָריע. אַ דאַגה טעריטאָריעס?! איך האָב זיי געננוג: פאָרמאָזאַ, גאַדעלופּאַ, אוגאַנדאַ, עקוואַדאָר, טשימבעראַזאַ, אַנגאָלאַ, זאַוויקראַסקאַ, באַמבי־קאַ, אַליאַסקאַ, קעניאַ, טאַגאַנאַיקאַ. איך האָב אַזוי פיל טעריטאָר־יעס, אַז איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: איך ווייס גאָרנישט, צי וועל איך האָבן אַזוי פיל יידן צו קאָלאָניזירן אַזוי פיל טעריטאָריעס.

מען וועט דאַרפן אויספּאָרשן די אַלע טעריטאָריעס און אויס־קלייבן די בעסטע. איך זאָל, חלילה, נישט אַריינפאַלן. האָט מיר און זייט מיר... אַדיע!

---

אין אַ וואָך אַרום איז ער ווידער אַריינגעפאַלן צו מיר מיט אַ שמחה:

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך האָב זיך מיישב געווען, צו וואָס באַדאַרף איך גיין זוכן אַלע טעריטאָריעס און זיי אויספּאָרשן אַזוי ווייט, אַז איך האָב אַ גאָלדענע טעריטאָריע פאַר יעדן ייִדן, טאַקע דאָ ביי דער זייט, אונטער דער נאָז: — די פּינסקער בלאָטעס! מיר וועלן אויסטריקענען די פּינסקער בלאָטעס און שאַפן אַ באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע. ווי אַזוי מיר וועלן אויסטריקענען די בלאָטעס? — מיט קאַקטוסן. מיר וועלן פלאַנצן קאַקטוסן. מען זאָגט, אַז קאַקטוסן האָבן אַזאַ טבע, אַז זיי זאַפּן אין זיך איין וואַסער, ווי לעקעך, וואָס מען טונקט אין בראָנפן, אָדער ווי בולקע אין פיש־יויך. איז אָבער אַ צרה: ווו נעמט מען קאַקטוסן? צוריקגערעדט, קאָן מען אַפילו קריגן קאַקטוסן. וואָרום אין וועלכן הויז געפינען זיך נישט היינט קיין קאַקטוסן? וועלן מיר אַרויסלאָזן אַן אויפרוף:

„יידן, גיט אייערע קאַקטוסן!‟ וועלכער ייד וועט עס נישט אַוועקגעבן זיינע קאַקטוסן אויף אַזאַ גרויס יידיש אויפבוי־ווערק? מיר וועלן שאַפן אַ גרויסע קאַקטוס־באַוועגונג. איז אָבער אַ צרה, וואָס גלייך וועט זיך שאַפן אַ קעגן־קאַקטוס־באַוועגונג און עס וועט זיך שאַפן אַ גרויסע שפּאַלטונג אין יידישן פאָלק: פאַר קאַקטוסן און קעגן קאַקטוסן, ד. ה. קאָלאָניסטן און אַנטי־קאָלאָניסטן, און עס וועט גאָרנישט אַרויסקומען. איז מיר איינגעפאַלן אַ בעסערער פּלאַן: צו טריקענען די בלאָטעס מיט ביבולקע, מיט לעש־פּאַפּיר. מיר וועלן בויען אַ גרויסע פאַבריק פון לעש־פּאַפּיר, כּדי אויסצוטריקענען די פּינסקער בלאָטעס. איר האָט דען אַ באַגריף, וויפל לעש־פּאַפּיר מען דאַרף האָבן? איר פאַרשטייט? וועלן מיר האָבן אַ צווייענדיקע פּעולה: אי מיר וועלן מאַכן גוטע געשעפטן מיט אונזער פאַבריק, אי יידן וועלן האָבן אַן אויסגעטריקנטע טעריטאָריע... איז עס אפשר נישט קיין פּלאַן? — נאָר איך בעט אייך, האַלט עס בסוד! ביז וואַנען מיר וועלן נישט אויסטריקענען לכל־הפּחות אַ העלפט פון די פּינסקער בלאָטעס, באַדאַרף דערפון קיינער נישט וויסן. זייט געזונט.

---

אינדרויסן איז שוין געווען ווינטער. ער איז אַרויפגעקומען צו מיר מיט אַ צעריסן פוטערל, מיט אַ בלוי־דערפרוירענער נאָז, זיך געריבן די הענט פאַר קעלט און געזאָגט:

— אַ טשיקאַווע זאַך, ווי מענטשן פאַלט אַמאָל איין אַ געניאַלער געדאַנק גאָר אומדערוואַרט. און וואָס איינפאַכער און פּראָסטער, אַלץ געניאַלער איז ער, דער פּלאַן. שטעלט זיך פאָר: פּלוצלינג פאַלט מיר איין אַ געדאַנק, אַז מען דאַרף די אַלע טעריטאָריעס מיט קאָלאָניעס אויף צען טויזנט כּפּרות. וואָרום וואָס איז, אייגנטלעך, אַ קאָלאָניע? אַ קאָלאָניע קאָנען מיר אויסטראַכטן סתּם אַזוי פון קאָפּ. וועלן מיר טאַקע אויסטראַכטן אַט אַזאַ מין קאָלאָניע און איר אַ נאָמען געבן, לאָמיר זאָגן, „קוקעריקו‟ און גרינדן אַ גרויסע וועלט־אָרגאַניזאַציע מיט אַ וועלט־באַנק „יקאַקאָ‟ — יידישע קוקעריקו־קאָלאָניזאַציאָנס־אָרגאַניזאַציע‟. נאָכדעם וועלן מיר אַרויס־

לאָזן אַן אויפרוף צו אַלע יידן: יידן, גיט געלט! 18 מיליאָן יידן זאָלן אויפהערן צו רויכערן, נאָר אָנהויבן צו שמעקן טאַבאַק — וועט יעדער ייד אָפּשפּאָרן, ווי איך בין זיך משער, 10 דאָלאַר אַ יאָר. 18 מיליאָן מאָל 10, איז אַ קימאַ־לן פון איין ביי־ליאָן מיט אַכט מאָל הונדערט טויזנט דאָלאַר מיט 90 סענט... נאַ־טירלעך, באַדאַרף מען עס האַלטן שטאַרק בסוד... ביז וואַנען מיר וועלן נישט האָבן צונויפגעזאַמלט די גאַנצע סומע, דאַרף דערפון קיינער נישט וויסן, אַז די קאָלאָניע איז אַן אויסגעטראַכטע... נע־מען מיר דאָס געלט און מיר לייגן עס אַריין אין מיין וועלט־באַנק אויף פופציק יאָר, וואַקסן אָן פּראָצענטער, דיווידענדן, טאַנטיע־מעס... וועלן מיר, אי״ה, אין פופציק יאָר אַרום האָבן אַ קאַפּיטאַל פון 99 מיליאַרד, 7 מיליאָן אַכט הונדערט טויזנט דאָלאַר מיט 59 סענט. צעטיילן מיר עס פאַרן יידישן פאָלק, פאַלט אויס אויף יעדן ייד צו הונדערט טויזנט דאָלאַר מיט 11 סענט. קאָן זיך יעדער ייד זיצן רויק אין שטוב און מאַכן דיסקאָנטע און קויפן ווערט־פּאַפּירן און שניידן קופּאָנעס און לעבן ווי גאָט אין אָדעס. צו וואָס־זשע די גאַנצע קאָלאָניזאַציע מיט די טעריטאָריעס, מיט דעם אַקערן די ערד מיט דער נאָז און שטאַרבן פון מאַלאַריע, אַז יעדער ייד קאָן לעבן ווי אַ קייסער אין דער היים.

וואָס? איז דאָס אפשר נישט קיין גלענצנדער פּלאַן צו לייזן די יידן־פראַגע? — נישט מער, איך האָב נישט קיין דירה, ווו צו עפע־נען מיין וועלט־באַנק, מחמת, נעכטן האָט מען מיך אַרויסגעוואָרפן פון דער דירה און מיר געגעבן עקסמיסיע... ווי געפעלט אייך? איך האָב אפשר צוואַנציק טעריטאָריעס, נאָר אַ שטיקל דירה — פעלט מיר אויס, און איך ליג אין גאַס. אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק אייך, וואָס איר האָט מיך געלאָזן ביי אייך אַביסל אָנצוואַרעמען זיך. אַ דאַנק און אַדיע.

# צוויי פאר שיך

צאַלע דעם בייטלמאַכערס פעטער, ר׳ זימל העשעלעס פון באַבקאָוויטש, איז געקומען קיין וואַרשע. ער איז געקומען צום פּראָפעסאָר; פון צייט צו צייט קומט מיין פעטער צו אַ פּראָפעסאָר, מחמת ער איז אַ ייד, אַ חלוש, מיט דריי מיחושן, זעקס פאַרלע־געגע חולאתן, אַ פאַרעלטערטן „ראַמאַטיז״ און אַ פאַסקודנעם הוסט. אַז עס קומט דער ווינטער, באַפאַלט אים דער הוסט, ווי אַ גזלן. ער וואָלט זיך, זאָגט ער, מחיה געווען, ווען אַן אַנטיסעמיט העלפט אים אָביסל אונטערצוהוסטן; מחמת, פאַר אים אַליין צו הוסטן אַ גאַנצן טאָג און אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין, איז אַביסל שווערלעך. און דער עיקר, עס שטערט אים אויך אין דער פּרנסה: ער איז אַ בעל־קורא אין דער קאַלטער שול אין באַבקאָוויטש; טרעפט, אַז אינמיטן לייענען פאַרקייכט ער זיך ביים הוסטן, נישט אַהער, נישט אַהין, און דאָס טויג אויף כּפּרות.

אַז ער קומט קיין וואַרשע, איז ער זיין פלימעניקס גאַסט; ער שטייט איין ביים פלימעניק. דער פלימעניק פירט אים צום פּראָפע־סאָר; ערשטנס, ווייל ער איז נישט באַקאַנט מיט די וואַרשעווער־גאַסן (דער פּראָפעסאָר ווינט אין די געהויבענע גאַסן), והשנית, דאַרף ער זיין דער איבערזעצער, און פאַרשטענדיקן זיך מיטן פּראָ־פעסאָר, הן בנוגע די חולאתן, רעצעפּטן און אַנדערע זאַכן.

גייט ער מיט אים, צאַלע, צום פּראָפעסאָר. זיי געפינען זיך אויף דער הויפּט־גאַס. צאַלע איז טשיקאַווע צו זען, ווי אַזוי דער קליינשטעטלדיקער ייד ווערט נתפּעל ווערן פון דער שאַרפער שטאָט

וואַרשע. אַ ווערטעלע, אַזאַ פּרך! עס ווערן אָנגעצונדן אַלע לאָמפּן, עלעקטרישע שילדן מיט די שיינע שויפענסטער. עס פליען טראַמ־ווייען, אויטאָס איבער די געפּלאַסטערטע גאַסן. ווו האָט ער צ'ס אין באַבקאָוויטש?

אָבער דער פּעטער וויל נישט ווערן נתפּעל. ער גייט איינגע־נורעט אין זיין אָרעמען מאַנטל מיט דעם אָפּגעשאָסענעם באַראַשקע־נעם קאָלנער, אַריינגערוקט די הענט אין די אַרבל און רעדט וועגן זיינע חולאתן, וועגן דעם היימישן באַקאַנטן דאָקטאָר פּישמאַנאָ־וויטש, וואָס איז אַ גרויסער מומחה און וואָס די וואַרשעווער פּראָ־פעסאָרן זאָגן אויף אים, אַז אויב מען האָט אַזאַ דאָקטאָר, ווי פּישמאַ־נאָוויטש, דאַרף מען שוין נישט פאָרן קיין וואַרשע צו קיין פּראָפע־סאָרן. איז דאָך אַ קשיה, וואָס קומט ער צום פּראָפעסאָר? איז דער תירוץ: אַ דאָקטאָר איז אַ דאָקטאָר און אַ פּראָפעסאָר איז פּאָרט אַ פּראָפעסאָר. און נאָך רעדט ער פון פאַרשידענע זאַכן און די גאַסן מיט די טראַמווייען, מיט די אויטאָס, מיטן ליכט, מיטן גערויש און געקלינגעריי גייען אים אָן, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

און פּלוצלינג בלייבט ער שטיין אַ געפּלעפטער מיט אַן אָפן מויל און גרויסע אויגן, ווי אַ קליינשטעטלדיק פערד, וואָס האָט זיך „ספּודזשעט" פאַר אַן אויטאָ.

— וואָס איז געשען, פּעטער? — פרעגט דער פּלימעניק.

— אָוואַ, זע נאָר!

פאַרביי זיי איז דורכגעגאַנגען אַ יונגערמאַן מיט אַ פּאָר שיך אויף די אַקסלען; צו די שיך זענען געווען צוגעשרויפט אַ פּאָר גליטשערס.

— האָסט געזען? — האָט דער פּעטער אַזש אויסגעגאָסט זיין התפּעלות — צוויי פּאָר שיך טראָגט דער בחור.

— וואָס־זשע איז דער חידוש? — דערקלערט אים צאַלע — איין פּאָר שיך צום גיין און איין פּאָר שיך צום גליטשן זיך. אין אַ גרויסער שטאָט איז אַזוי אָנגענומען.

— ספּעציאַלנע? צום גליטשן זיך?!

— נו, יאָ.

— דאָס הייסט, אַז ער האָט זיך געלאָזט אויפנייען ספּעציאַלנע אַ פּאָר שיך, כּדי צו גליטשן זיך?

— נו, יאָ.

— און די שיך, וואָס ער טראָגט אויף די פיס?

— און די שיך, וואָס ער טראָגט אויף די פיס, טראָגט ער אויף די פיס צום גיין.

— גאַנצע שיך?

— גאַנצע שיך.

— איז, אַז מען האָט נאָך גאָר גאַנצע שיך, נעמט מען און מען לאָזט זיך מאַכן נאָך אַ פּאָר שיך צום גליטשן! מוז מען טאָקע זיין אַ מיליאָנטשיק...

— גראָד נישט.

— וואָס־זשע דען? סתם הפקרות! אויסגעלאַסנקייט! אָווא! אָוואַ! וואָס מען זאָגט אויף וואַרשע, איז מען גערעכט...

ער האָט אַ רגע געשוויגן, ווי ער וואָלט וועלן משיג זיין דעם דאָזיקן ענין. נאָכדעם האָט ער ווידער גערעדט, פון צייט צו צייט זיך אָפּגעשטעלט אין גאַנג, אַנגעכאַפּט זיין פלימעניק ביים אָרעם, אַריינגעקוקט אים אין די אויגן, צו טיילן זיך מיט אים זיין שטאַרקן רושם.

— שטיי נאָר, עפּעס קאָן איך נישט תּופס זיין דעם ענין. ביי אונז אין באַבקאָוויטש טראָגט מען אויך שיך. טראָגט מען זיי אַזוי לאַנג, ביז מען טראָגט זיי אָפּ; נאָכדעם, אַז זיי ווערן שוין גוט אָפּ־געטראָגן, לייגט מען אַ לאַטקע, אַן אָפּצאַס, אַ רובטשיק. נאָכדעם טראָגט מען זיי ווייטער. און אַז מען קאָן זיי שוין נישט טראָגן. לייגט מען ערשט אַ נייעם „וויערך", אָדער מען שלאָגט אונטער אַ „פּונ־דאַמענט". און אַז די שיך ווערן שוין גאָר חרוב ונחרב, הויבט מען אָן צו „בויען" אַ פּאָר נייע שיך. אַ שטייגער, ווי מען הויבט אָן בויען אַ הויז. מען שיקט רופן דעם שוסטער משה־גדליהן, מען דינגט זיך מיט אים אַזוי לאַנג, ביז מען ווערט מושווה. נאָכדעם קומט ער, משה־גדליה, צו אייך אין שטוב אַריין און הייסט זיך

מיט קוראַזש דערלאַנגען אַ בלאַט־צייטונג, שניידט אָפּ פון איר אָן אידעלן פּאַסעק פּאַפּיר און נעמט אייך אַ מאָס; מען קלייבט זיך דאָס אמתע לעדער; אַז גאָט העלפט: דעם אמתן כראָם — איז אַוודאי גוט. און דאָס גאַנצע שטעטל ווייסט דערפון. עס קלינגט ממש ווי אַ גלאָק. מען פרעגט זיך נאָך ביי דיר אין גאַס, אין בית־המדרש, להבדיל, אין באָד: „צי זענען שוין פאַרטיק אייערע שיך?" „ווי האַלט עס מיט אייערע שיך?" „ווען ווערן פאַרטיק אייערע שיך?" און וואָס פאַר אַ פאַסאָן איר מאַכט אייערע שיך: צי מיט ברייטע שפּיצן? צי מיט שמאָלע שפּיצן? צי אויף גומקעס, ווי קאַמאַשן? צי אויף שניר־לעך? אָדער אפשר גאָר האַלבע שטיוול מיט כאַלעוועקעס?

און אַז זיי ווערן מיט מזל פאַרטיק און דו טוסט זיי אָן, דע־מאָלט איז דאָך טאַקע ערשט דער אמתער יום־טוב. אַלע באַטראַכטן דיינע פיס. אַנדערע אַפילו גיבן אַ טאַפּ אויך, צי איז דאָ נישט ענג ביי די פינגער. אויף דיינע אייגענע ווערטער קאָן מען זיך דאָך נישט פאַרלאָזן. און בכלל, נייע שיך טאָר מען נישט גלויבן; צום אָנהויב זענען זיי גרוים און דערנאָך ווערן זיי ענג. און קיינער ווייסט נישט, ווען דער שוך קוועטשט... מענטשן ווינטשן דיר: „תתחדש", „טראָגט געזונטערהייט", „צערייסט געזונטערהייט", „ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר". געלויבט דער אויבערשטער, אַריינגע־קראָכן אין אַ פּאָר נייע שיך. טאַקע פאַר זיך, אַליין פאַר זיך אַ פּאָר שיך. וואָרום וויפל פאַמיליעס, נישט דאָ געדאַכט, זענען ביי אונז אין באָבקאָוויטש פאַראַן, וואָס פאַרמאָגן נעבעך אינגאַנצן נישט מער ווי איין פּאָר צעריסענע שיך, וואָס דאַרף באַדינען אַ גאַנץ הויז־געזינד: אינדערפרי טוט זיי אָן די מאַמע און לויפט אין מאַרק אַריין; נאָכדעם טוט זיי אָן די טאָכטער און לויפט אין קרעמל; נאָכ־דעם גייט אין זיי דאָס יינגל אין חדר אַריין; און אַמאָל באַרגט מען זיי נאָך אויס אַפילו צו אַ שכן, אָדער אַ שכנה, אויב יענער דאַרף חלילה לויפן נאָך אַ דאָקטאָר, צי אין אַפּטייק אַריין. און דאָ נעמט זיך אַ מענטש און טראָגט צוויי פּאָר שיך פאַר זיך אַליין.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעשפּאַרט זיך אויף זיין שטעקע־לע פון הינטן, אַראָפּגעקוקט אויף זיינע אָפּגעריבענע שיך־נעזער און גערעדט צו זיך אַליין:

— ניין, ער וויל וויסן דעם שכל: ווי טראָגט עס אַ מענטש איין פּאָר שיך אויף די פיס און נאָך אַ פּאָר אויף די אַקסלען? היתּכן?! עס איז דאָך למעלה מן השכל.

דער פּעטער וויל זיך נישט באַרויקן:

— כ׳ווייס? — רעדט ער ווייטער — איך האָב געמיינט, אַז די שיך ביי אים אויף די פיס זענען אים צעריסן, האָט ער, הייסט עס, זיך איינגעהאַנדלט אַ נייע פּאָר שיך. און איצט טראָגט ער זיי אַהיים. אָבער איך האָב גלייך געגעבן אַ קוק אויף זיינע פיס — גאַנצע שיך; גאַנץ, ווי די ריבן. נאָך גאָר נייע שיך. פרעג איך: צו וואָס דאַרף ער אַ צווייטע פּאָר שיך?

— דאָס איז פּאַר אַ פּאָר גליטשערס, צו גליטשן זיך, פּעטער— דערקלערט אים נאָכאַמאָל דער פּלימעניק.

— קאָן מען דאָך די גליטשערס אָנטון אויף יענע שיך, אויף די פיס? — פרעגט ווידער דער פּעטער אַ האַרבע שאלה.

— ניין, דאָס זענען שיך ספּעציעל צום גליטשן זיך. מען שרויפט זיי צו צו די גליטשערס.

— שטיי נאָר. מען שרויפט־צו די שיך צו גליטשערס? צי די גליטשערס צו די שיך?

— אַלץ איינס, אַבי מען גליטשט זיך.

— ביסט גערעכט. אַלץ איינס דאַרף מען אין זיי מאַכן לע־כער... הייסט עס, אַז מען נעמט אַ פּאָר נייע שיך און מען מאַכט אין זיי לעכער, כּדי אַריינצושרויפן די גליטשערס. מיט אַנדערע דיבורים: מען נעמט אַ פּאָר נייע שיך און מען מאַכט פון זיי אַ תּל עולם?! אָוואַ! אָוואַ! וואָס מען קאָן אַלץ זען אין אַ גרויסער שטאָט. מען זאָגט טאַקע, אַז וואַרשע איז אַ צעלאָזענע שטאָט, אַ פאַרשייטע שטאָט...

ער איז אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, געגאַנגען שטיל, גע־קוועטשט מיט די פּלייצעס, צענומען די הענט און געטענהט:

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן? אַז ווען איך דערצייל

עס בײַ אונז אין שטעטל, וואָלט מען געמאַכט פון מיר העצקע... מען וואָלט דען געגלויבט?... אײַ, אײַ, וואָס אין אַ כּרך, ווי וואַר־שע, קאָן זיך אַלץ פאַרלויפן...

---

ווער ווייס, ווי לאַנג זײַן מוח וואָלט געאַרבעט איבער דעם דאָזיקן פּראָבלעם, ווען זיי קומען נישט אָן צום טויער, ווו דער פּראָפעסאָר וווינט.

## ער איז פאַרליבט אין שלום־עליכמען

— מענטשן האָבן פאַרשידענע תאוות. איינער, למשל, האָט ליב כבוד, אַ צווייטער — אַ קערטל, אַ דריטער — שנאַפּס, אַ פערטער — אַ שוויץ־באָד, אַ פינפטער — שאָך, אַ זעקסטער — אַן עליה. איך האָב מיר ליב אַ שטיקעלע שלום־עליכם.

אַזוי פלעגט זאָגן דער באַראַנאָוויטשער נגיד, ר׳ זישע סאָלאָווייטשיק.

ער איז אַ פאַרמעגלעכער ייד, ר׳ זישע, און אַ בכבודיקער ייד מיט למדניש־הרחבותדיקן שטערן. אַ שיין, געטאָקט, פּירקאַנטיק בערדל, מיט אַ קיילעכדיק בייכל, וואָס שניידט זיך אויף להבא אויף אַ הדרת־פּנימדיקן בויך, מיט זיין שטענדיקן גוטמוטיקן שמייכל אויף די פרישע ליפּן, מיט דעם קליין, פּירעקעכדיק יאַרמולקעלע אויפן שפּיץ קאָפּ, פלעגט ער זיך אָפּט זיצן אין זיין דעמבענעם עס־צימער, אונטער די שיינע בילדער, מיט די געמאָלטע קוישן אויבסט, פיש און פאַרשידענע קרייטעכצער און לייענען שלום־עליכמס אַ ביכל און שעפּן תענוג.

— וואָרום — פלעגט ער זאָגן — ווייזט מיר, אַדרבא, עפּעס אַ בעסערן פאַרגעניגן, ווי זיצן אין אַ וואַרעם הויז, מיט אַ רויקן קאָפּ ביי אַ זודיקן סאַמאָוואַר אונטער אַ ליכטיקן בליץ־לאָמפּ און „אַריינקוקן״ (אַזוי פלעגט ער זאָגן, „אַריינקוקן״) אין שלום־עליכמס אַ ספרל?

נאָר דאָס אַריינקוקן אין שלום־עליכמס אַ ביכל אַליין — פלעגט ער ווייטער זאָגן — איז „עגאָיזמוס״. אַז מען לייענט שלום־

עליכמען, דאַרף מען דעם צווייטן אויך מהנא זיין מיט דעם תענוג. מען טאָר נישט זיין קיין זולל־וסובא. זאָל יענער אויך הנאה האָבן.

וואָרום אַ שיכּור בין איך אויף שלום־עליכמען און אַ שיכּור האָט ליב צו מאַכן אַ כּוסה בשותפות, און איך האָב ליב צו כאַפּן אַ „טרינק" שלום־עליכמען מיט נאָך עמעצן.

האָט ער שטענדיק געזוכט אַ צוהערער, געזוכט, ווי אַ פרומער ייד, אַ מכניס אורח, זוכט אַן אורח אויף שבת.

און אַז ער פלעגט האָבן דעם אמתן צוהערער און טיילמאָל עטלעכע מיטאַמאָל, איז ער געווען גליקלעך. זיין לייענען האָט דעמאָלט געהאַט טויזנט טעמים. ער האָט געלייענט מיט אַ פריש צעזונגען קול. מיט אַ חנדל און מיט געפיל, ווי אַ יונגער חתן, אַ משכיל, צו „אויפרופעניש" זינגט צו הפטורה. צוליבן צו־אָפּטן לייענען האָט ער שוין געוווסט, ווו צו מאַכן דעם ריכטיקן קנייטש און ריכטיקן טראָפּ. ער האָט געוווסט, צו מאַכן די וויכטיקע פויזע, כּדי צו לאָזן דעם צוהערער זיך אויסלאַכן.

און זאָל גאָט אויסהיטן, דאָס ווייב אָדער אַ קינד זאָל אים דעמאָלט שטערן.

— שרה־לאה! — פלעגט ער שרייען צו דעם ווייב. — שטער מיר נישט! נעם אַוועק דאָס קינד! זעסט נישט, אַז מען טוט עפּעס?

די דינערשאַפט איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער.

די גרעסטע געשעפטן פלעגן אים דעמאָלט נישט אָנגיין.

— אַז איך לייען שלום־עליכמען, איז ביי מיר נישטאָ קיין געשעפטן מיט קיין עסקים.

די הערער זענען ביי אים געווען איינגעטיילט אין עטלעכע קאַטעגאָריעס: אַזעלכע, וואָס לאַכן שטאַרק, אַזעלכע זענען ביי אים געווען אַן עולם־ומלאה, אַזעלכע, וואָס האָבן געלאַכט אַביסל, די זענען געווען „מנאַ", טאַקע נישט אַזוי, אָבער צו דערליידן. און אַזעלכע, וואָס האָבן גאָרנישט געלאַכט; אויף די איז ער געווען מלא רציחה:

— פּראָים!... וואָס ווייס אַ סריס דעם טעם פון ביאה!

און נאָך פלעגט ער זאָגן:

— אַ מענטש, וואָס האָט נישט קיין חוש פאַר שלום־עליכמען, איז גאָר קיין מענטש נישט. מיט אַזאַ מענטש וואָלט איך אסור זיך משדך געווען. איך וואָלט אסור מיט אים געגאַנגען אַליין אין וואַלד אַריין.

---

זישע ר׳ שלמהס פלעגט צוליב זיינע מסחרים זיך לאָזן אָפט אין וועג אַרייך. דעמאָלט פלעגט ער גוט אַכטונג געבן, זיין ווייב זאָל חלילה נישט פאַרגעסן איינפּאַקן מיט דעם טלית און תפילין און דעם „חוק־לישראל״ אויך אַ ביכל פון שלום־עליכמען — צום קוויקן זיך... וואָרום אונטערוועגס איז מען פאַרשמאַכט, און מיט אַ שטיקעלע שלום־עליכם פאַרטרייבט מען דאָס בודעניש, און די צייט פליט, ווי אַ פייל פון בויגן. און ווער רעדט, אַז אין וואַגאָן זע־נען געזעסן נאָך אַ פּאָר יידן צוהערער, איז דאָך נישט שייך. דע־מאָלט איז דאָס פאַר זישען נישט קיין ענוי דרך, נאָר ממש אַ לוסט־רייזע.

ס׳איז נאָר נישט גוט, ווען אין וואַגאָן זענען נישטאָ קיין יידן, נאָר קריסטן. דעמאָלט איז ביטער. זישע פּרוווט פאַרצולעזן זיין שלום־עליכם אויך פאַר קריסטן. מאַטערט זיך, מוטשעט זיך, טוט אַלץ מעגלעכס צו איבערזעצן, אויסטייטשן, צעקייען דעם תמצית, דרייט מיטן גראָבן פינגער, ווייל זיי געבן צו פאַרשטיין... נאָר גיי טו, מאַך, גיב צו פאַרשטיין אַ גויאישן קאָפּ דעם טעם פון „טוביה דעם מילכיקנס״ אויסטייטשן אַ פסוק.

עס האָט זיך געמאַכט, אַז די הערער האָבן אָנגעהויבן אויסצו־פּעלן, געוואָרן שיטערלעך, פלעגט זישע אַרויסגיין אויפן גאַנעק פון זיין הויז און רופן מענטשן, אַ שטייגער, ווי אַ יאַרצייט־ייד רופט אַמאָל אַריין אַ ייד צום מנין, אַריינצוכאַפּן אַ „קדושה״. ער האָט גערופן אַפילו גאָר פרעמדע יידן.

— קומט, קומט, ר׳ ייד, קומט אַריינכאַפּן אַ שטיקל שלום־עליכם. אירט האָבן אמתן גן־עדן, באַלזאַם, דערקוויקעניש.

און אַז יידן פלעגן זיך איינשפּאַרן, נישט וועלן גיין, פלעגט זישע נישט זשאַלעווען אַפילו קיין פּאָר גילדן.

דאָ האָט שוין זישע דערוואָרבן זיין באַשטענדיקע קליענטעלע צוהערער. אין שטאָט איז עס געוואָרן אַ קוואַל פון פרנסה. האָט עמעצער זיך געגויטיקט אין אַ דרייערל אויף שבת, איז מען געלאָפן צו ר׳ זישען, אויסגעהערט אַ שטיקל שלום־עליכם און געהאַט אויף שבת.

אין שטאָט האָט מען עס גערופן: זישע־שלמהס שיעור!

אַ טייל פון די באַשטענדיקע געשווױרענע צוהערער האָבן איינמאָל אַפילו געפּרוּווט פאַרשטרייקן.

— באם מען וועט זיי נישט געבן קיין הוספה, וועלן זיי אויפהערן צו קומען צו הערן און צו לאַכן.

— הם... — האָט ער געמורמלט. — האָט איר געהערט אַביסל? גאָר ווי ביי ספּעקטאָרן, דער שטרייק פון קבצנים. אַ מעשה, כ׳לעבן...

און זיי האָבן דעם שטרייק געוווּנען.

---

ר׳ זישע האָט שוין געהאַט זיין באַשטימטן פּרייז פאַר זיינע צוהערער. ווינטער־צייט פלעגט מען גוט איינהייצן די אויוונס, צוגרייטן אַ שיין גלאָז טיי מיט איינגעמאַכטס, אַמאָל אויך אַ וועטשערע. די צוהערער, פאַרזיכערט מיט פרנסה, זענען געזעסן, געהערט און געקוואָלן, ווי ר׳ זישע אין זיידענעם שלאָפראָק קלינגט מיט זיין אידל־גלאַטיקן קול — „אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט...״

# פ ר נ ס ה

איך האָב אייך שוין אַמאָל דערציילט וועגן אונזער קליינ־שטעטלדיקן ייִדן פון סוכאָוואָליע, וואָס מען האָט אים גערופן ר׳ צום־גדליהו. „רעב״ האָט מען אים גערופן נישט ווייל ער איז געווען אַ למדן און אַ תּלמיד־חכם; אַדרבא, געווען איז ער, נעבעך, אַ גרויסער עם־הארץ, וואָס האָט קוים געקענט אַ שייטל עברי, — נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַט אַ הויכן למדנישן שטערן, אַ גרויסן בויך און אַ הדרת־פּנימדיקע באָרד. „צום״ האָט מען אים צוגעגעבן צו זיין נאָמען גדליהו, ווייל ער איז נעבעך געווען אַ גרויסער אָרעמאַן און פלעגט אָפטער פאַסטן, נישט אַזוי פון צדקות, נאָר פשוט, ווייל עס איז נישט געווען וואָס צו עסן.

אַי, ווי קומט צו אַן אָרעמאַן אַ קבצן אַזאַ גרויסער בויך? — אויף דער פראַגע האָט דאָס שטעטל זיך געבראָכן דעם קאָפּ; אָבער ר׳ צום גדליהו אַליין האָט עס דערקלערט פשוט: אַז דאָס איז אַזאַ גזע, אַזאַ „פּאָראָדע״, הייסט עס, אַ ירושה־זאַך. זיין טאַטע, זיין זיידע און זיינע פעטערס האָבן אויך געהאַט דיקע בייכער און ברייטע בערד, הגם זיי זענען געווען גרויסע קבצנים.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז דער דיקער בויך און די שיינע, ברייט־באַזילבערטע באָרד זאָל אים פאַרשאַפן גרויס נחת און פּרנסה. אַוודאי קאָן מען מיט אַזעלכע צוויי אַנזעעוודיקע זאַכן ווערן אַ פּרנס, אָדער אַ בכבודיקער מענטש, ווי אַ גבאי, אָדער אַ רב. — אָבער, וואָס קאָן ער, אַ פּראָסטער ייִד, אַן עם־הארץ, אויפטון מיט אַזאַ בויך און אַזאַ שיינער באָרד? זאָל ער ווערן אַ טרעגער מיט אַ שטריק

איבער די לענדן? צי אַ באַהעלפער, צי אַן אונטער־שמש? ס'איז דאָך פשוט אַ חוזק...

עס איז געגנוג חרפה און בושת־פנים, אַז מיט אַזאַ בויך און אַזאַ שיינער באָרד, קיין עין־הרע, אַ מענטש — אַ גידול, אַן „אָסאַ־בע", דאַרף שטיין אין בית־המדרש, הינטערן באַלעמער און נישט ביי דער מזרח־וואַנט, צווישן די שיינע בעלי־הבתים. נאָר וואָס קאָן ער זיך העלפן, אַז גאָט האָט אים נישט געשענקט, נישט קיין געלט און נישט קיין תורה...

— ניין! — האָט ער געטענהט. — מיט אַזעלכע „כלים" וועל איך אין שטעטל דאָ אויסגיין פון הונגער. איך מוז אַוועק־פאָרן ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט, ווו קיינער קען מיך נישט. מיט אַזאַ בויך און מיט אַזאַ באָרד וועל איך אין גרויסן כרך נישט פאַר־פאַלן ווערן. גאָט וועט מיר דאָרט שוין צושיקן עפּעס אַ פרנסה.

און כך הוה. — אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט ר' צום־גדליהו פּלוצלינג עוקר געווען פון סוכאָוואָליע, איז ערגעץ אַוועק־געפאָרן און נעלם געוואָרן פון סוכאָוואָליער האָריזאָנט.

---

דאָ נישט לאַנג האָבן מיך מיינע געשעפטן פאַרטראָגן קיין וואַרשע. גייענדיק אַזוי אויף דער פראַנצישקאַנער גאַס, האָט זיך מיר אַ וואָרף געטון אין די אויגן אַ קענטלעכער פאַרשוין, וואָס איז געשטאַנען טיף אין טויער אין האַלב־שאָטן. איך האָב אים דערקענט אין דער ברייטער באָרד מיטן הויכן, אָפענעם שטערן. דאָס איז געווען מיין בן־עיר, ר' צום־גדליהו, וואָס איז אַוועק פון שטעטל און מען האָט נישט געוווסט, ווו זיין געביין איז אַהינגע־קומען.

ער איז געשטאַנען האָפערדיק, יום־טובדיק, אויסגעפּוצט אין אַן אַטלעסענער קאַפּאָטע און מיט אַ ספּאָדעק אויפן קאָפּ, ווי אַ חסידישער מחותן אויף דער חתונה פון זיין מיזינקע.

— שלום־עליכם. דוכט זיך, ר' צום־גדליהו פון סוכאָוואָ־וואָליע?!

— אַבי איר האָט געטראָפן. איך מיט מיין פאַרשוינלעכקייט.

— טאָ וואָס־זשע מאַכט איר עפּעס?

— וואָס זאָל מען מאַכן? אָט מען שטייט.

— וואָס הייסט, מען שטייט? וואָס, אַ שטייגער, שטייט איר דאָ אויס?

— אָט, מען שטייט אויף דער פרנסה.

— וואָס איז דאָס אַזוינס פאַר אַ פרנסה?

— צוליב פרנסה, שטייט מען.

— צוליב פרנסה שטייט איר?

— געוויס.

— טאָ רעדט־זשע קלאָרע דיבורים: דערקלערט מיר, וואָס אַזוינס איז אייער פרנסה?

— אַזוי? איר ווילט וויסן געגנוי? טאָ הערט זיך איין, וועל איך אייך דערקלערן. אָט, איר זעט דאָרטן אַ שילד? — האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער טיף אין הויף אַריין אויף אַ בלויער אויפשריפט אויף אַ פאַרזשאַווערטער בלעך.

איך האָב איבערגעלייענט:

> טערקיש שוויץ־באָד, מיט קאַלט, הייס און לעבלעך וואַסער.
> פאַרע גדולה, אויבערשטע באַנק מיט נאַסע און טרוקענע היץ.
> באַנקעס—געהאַקטע און טריקענע, שלאָגן־צום־אָדער, פיאַווקעס שטעלן.
> הינער־אויגן־שניידן, בלוט־לאָזן וכו׳ וכו׳.

— זענט איר, הייסט עס, געוואָרן אַ בעדער, אַ שמייסער?

— חס־וחלילה! פאַסט דען פאַר מיר צו זיין אַ באָד־יונג? פאַר אַזאַ פאַרשוין, ווי איך? נאָר וואָס דען? די מקוה. איר זעט אָט יענע מקוה?

— נו, איז וואָס? זענט איר געוואָרן אַ טוקער אָדער אַ טוקערין?

— נישט קיין טוקער און אוודאי נישט קיין טוקערין. אלא וואָס דען? די מעשה איז אַזוי: עס איז אַ מנהג און אַ דין, אַז אַ ווייבל גייט פון מקוה נאָך טבילה, מוז זי זען, אַז דאָס ערשטע

באַשעפעניש, וואָס זי טרעפֿט ביים אַרויסגיין, זאָל זיין אַ מאַנספּער־שוין. אָט דער מאַנספּערשוין דאַרף זיין אַ העלד און אַ „קראַסאַ־וועץ", אויף וועמען צו פֿאַרקוקן זיך, און אַנצורירן אים, כּדי צו האָבן שיינע קינדער, שיינע ייִדן. און ווי וועט דער בעדער נעמען נאָך אַ שענערן פּאַרשוין פֿון מיר, מיט אַזאַ הדרת־פּנים, ווי איך? האָט ער מיר געקויפֿט אָט דעם אַטלעסענעם סורדוט, מיט אָט דער בלוי־סאַמעטענער יאַרמולקע, מיט דעם סויבלנעם ספּאָדעק, מיט דער גאַרטל, און איך שטיי מיר דאָ אויף דער וואַך, ווי אַ מי־ניסטער פֿאַר אַ קייסער. גייען די ווייבער פֿאַרביי און קלייבן נחת פֿון מיר; די שכינה רוט אויף מיר, אין מיין פּנים נישט אַריינצו־קוקן. וואָרום, ווי לאַנג קרענקען מיינע שונאים, ווי לאַנג מען וועט נאָך נישט געפֿינען אַזאַ בילד־שיינעם פּאַרשוין, ווי איך בין, אין גאַנץ וואַרשע... אַ מכּה האָט מען געוווּסט ביי אונז אין שטעטל, ווי מיך אָפּצושאַצן. אָבער דאָ האָט מען מיך פֿאַרצוקערט... אָט האָב איך מיר דאָ פּרנסה בשפֿע. אמת, ס'איז נישט אַזאַ גרינגע פּרנסה, ווי מען מיינט. מען דאַרף שטיין אויף די פּיס, מען דאַרף גוט אַכטונג געבן, אַז קיין אשה זאָל נישט דורכגיין אַזוי, אומבאַ־מערקט. און נאָך דאַרף איך זען, אַז קיין ערל טמא זאָל זיך דער־ווייל נישט אונטעררוקן. וואָרום, אַז די אשה, וואָס גייט אַרויס פֿון מקווה, וועט ח"ו דערזען אַן ערל, איז די טבילה פּסול, און זי דאַרף ווידעראַמאָל גיין זיך טובֿל זיין. דאַרף איך זען, אַז קיין ערל זאָל דאָ דערביי נישט זיין. און טאָמער צופֿעליק רוקט זיך אונטער אַן ערל, דאַרף איך צוגיין צו אים און איינבעטן, ער זאָל זיך אָפּ־טראָגן.

— פּראָשען פּאַנאַ, — זאָג איך צום ערל, — טו קאָביעטי כאָדזשען איז וואָדי (דאָ גייען ווייבער פֿון וואַסער), טאָ אָנע מושיאָן פּאַטשיטש נאָ מניע, אַ ניע נאַ פּאַנאַ (מוזן זיי קוקן אויף מיר און נישט אויף אייך). יעזעלי אָנע זאָבאַטשאָן פּאַנאַ, טאָ טבילה בענדזשע פּסול (אויב זיי וועלן דערזען אייך, וועט די טבילה זיין פּסול)...

דער ערל, געווײנלעך, שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר גרויסע אויגן, שפּייט אויס: וואַריאַט! (משוגענער) און גייט אַוועק.

דאַן מוז איך אויך אַכטונג געבן, אַז קיין הונט און קיין חזיר־

און קיין אַנדערע מיני חיות און בהמות זאָלן נישט אַנגיין אַהער בשעת־מעשה. דאַרף איך שטיין און זיי אָפּטרייבן, פאַרלויפן זיי דעם וועג, כדי די ייִדענע זאָל מיך דערזען פריִער פאַרן חזיר, אָדער פאַרן הונט.

— אַ פּשיק! — האָט ער אויסגעשריגן און זיך געוואָרפן אויף אַ קאָטער, וואָס איז פאַרבייגעלאָפן. — אַ פּשיק! נישט אויסצוהאַלטן פון די קעץ מיט די קאָטערס!...

פאַרטריבן דעם קאָטער מיט דער פאָלע, האָט ער זיך אומגעקערט צו מיר און פאַרענדיקט:

— איז אָט אַזוי שטיי איך מיר דאָ... ווייבער גייען פון מקוה, רוקן זיי מיר אַריין אַ פּאָר גראָשן, האָב איך אויף דער הוצאה. די קליידער מאַכט מיר דער בעל־הבית פון באָד אויף זיין חשבון; וואָרום דאָס איז דאָך דאָס געצייג, ער מוז דאָך מיר געבן געצייג, עס זאָל אויסזען לייטיש; עס זאָל זיין אויף וועמען צו קוקן. איז, וואָס־זשע מיינט איר? אַ כפּרה אַלע בעדער, אויב זיי האָבן אַזאַ פאַרשוין, ווי איך. לויפן טאַקע אַלע ווייבער צו אונז אין מקוה און מיין בעל־הבית שאַרט גאָלד מיט דער לאָפּעטע, און איך שעפּ נחת דערפון און אויך פרנסה, אויף אַלע שיינע ייִדן געזאָגט געוואָרן... שאַ... מען גייט שוין... האָט נישט קיין פאַראיבל... עס גייען שוין ווייבער... מען מוז זיך שטעלן אויף דער וואַך... סטאַטעטשנע, לייטיש...

ער האָט זיך אָפּגערוקט פון מיר, זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער גרויס, אויסגעשטעלט דעם בויך, אַ גראַבל געטון די ברייטע באָרד מיט די פינגער און זיך אויסגעצויגן ווי אַ זעלנער אויף דער וואַך, פול חשיבות און שטאָלץ; מיטן גאַנצן באַוווּסטזיין פון זיין ערנסט און אחריות...

ווייבער, איינגעוויקלט אין פאַטשיילעס, מיט צעפּאַרעטע פנימער זענען פאַרבייגעגאַנגען, אָנגעקוקט אונזער ר׳ צום־גדליהון, אָנגערירט אים און געשטופּט מטבעות אין דעם רויטן טיכל אַריין.

ר׳ צום־גדליהו האָט זיי געזאָגט, וועמען: „צו רפואהו!״ וועמען: „כשר, כשר...״ זיי געווונטשן אַ בן־זכר און איז געווען גליקלעך אויף זיין בכבודיקער פרנסה.

# דער קולטור־מענטש

ווער וואָלט גאָר געגלויבט, אַז כאַטשע בערל, אָט דער פּאַר־שוין מיט דעם פּנים ווי פון יוכט־לעדער, מיט ברייטע, קאַנטיקע אַקסלען און געפּאַלדעוועטן קאַרק, וואָס הויבט אַלע רגע אונטער זיינע מוסקוליסטע, ווי געקניפּטע שטריק־הענט, ווי ער וואָלט זיך קלויבן גיין אויף אַ רינג־קאַמף — ווער וואָלט עס גלויבן, אַז אָט דער פּאַרשוין איז זייער אַ גרויסער ליבהאָבער פון קולטור?

ער רעדט וועגן דעם זייער אָפט; ביי יעדער געלעגנהייט דערציילט ער אייך:

— יאָך בין מיר — זאָגט ער מיט זיין באַסאָוועך ברוסט־שטים — יאָך בין מיר אַ מענטשל, וואָס האַלט פון קולטוע און ליטעראַטוע. יאָך האָב ליב, אַז אַ מענטש זאָל מיר זיין יענטעליי־גענט, ער זאָל קענען רעדן מיט אַ פּרויענצימער, אַריינזאָגן אַמאָל אַן איראַגיטשנע וואָרט... עץ פאַרשטייט? אַז נישט בין יאָך גרייט אונטערצוהאַקן אים די לעבער. כ׳זאָל אַזוי זיין אין אייזן־הויף!

און ער אילוסטרירט עס מיט ביישפּילן, מיט פאַרשידענע פּאַסירונגען, וואָס ער אַליין דערציילט:

---

— אָט, אַנומלט, בין יאָך אין טריאַטער... יאָך האָב ליב טריאַ־טער, ס׳לעבן!...

מיין כּלה, רעגינטשע, האָט אויך ליב טריאַטער, ווארום טריאַ־טער איז אַ קולטוראַלנע מאַכינאַציע. יאָך האָב ליב טריאַטער מיט

געזאַנג און נישט מיט סמוטנע שפּילעכץ. כ׳האָב פיינט, אַז מען נודזשעט מיך, אַ כיבע כ׳גיי שלאָפן.

גיי יאַך מיר אַזוי מיט מיין רעגינטשעלע אין טריאַטער אויף דעם שטיק, וואָס יאַך האָב ליב... „מאַמעלע״ הייסט עס. צוועלף מאָל, אַז יאַך גיי שוין אויף דעם שטיק. כ׳קויף מיר צוויי בילעטן אויף דער גאַלעריע און גיי מיר גלייך אַריין הינטן, אויפן פאַר־טער, און זעץ מיך אַנידער אין סאַמע ערשטן זשאַנד. יאַך האָב ליב צו זיצן נאָר אין ערשטן זשאַנד. עץ פאַרשטייט, יאַך האָב ליב צו זען די גרימאַסעס פונם אַרטיסט. מאַכט ער אַ גוטע, שיינע גרי־מאַסע, איז אָוושעם, קלאַפּ יאַך „בראַוואָ ביס״, אַז די הענט ווערן מיר אַזש געשוואָלן; מאַכט ער אָבער מיאוסע גרימאַסעס און רו־כעס — איז פאַשאָל וואָנט!... אין דר׳ערד אַריין מיט די ביינער...

יאַך קאָן אים זאַרגען אַ שוך אויך!

יאָ, פאַרהאַלט מיך ביי דער טיר דער יאַלד פון די בילעטן און פרעגט מיך:

— אַ בילעט.

זאָג יאַך:

— פאַניע האַניקטייגל, גיי און ברעך אַ פוס אין דרייען...

און ער זאָגט זיינס:

— יונגערבוים, אַ בילעט.

נעם יאַך און געב אים אַ גלעט איבערן ציפּערבלאַט און לאָז אים די זויטע יויך פון דער פאַניע. מאַכט ער אַ געוואַלט, רוק יאַך אים אַריין אַ צענערל אין פּיסק אַריין און שוין. געסקינטשעט אַן עסק.

אַזאַ מענטשעלע בין יאַך. יאַך האָב פיינט, אַז יאַך גיי אין טריאַטער און דערצו מיט אַ פאַננע, זאָל מען ביי מיר בעטן אַ בי־לעט. וואָרן מיין רעגינטשע איז זייער אַ יענטעליגענטע און אויס־געלאַסענע (ער מיינט אָנשטענדיקע). כ׳האָב ליב, אַז מ׳זאָל פאַר איר האָבן דעם גרעסטן פּראָספּעקט. אַזוי איז עס!

איז ווי מיר זיצן אַזוי, קומען צו אַ פּאָר לאַכודרעס, אַ יאַל־דישער פאַצעט מיט אַ געמאַלעוועטע ניקייווע מיט אַ טענה: אַ יאַקאָש אונז זיצן אויף זייערע מיעיסצעס. זאָג יאַך צום פאַצעט:

פּאַגיע לאַמטעדערייליאַך, פּושעזשקאַדזשען זי מיר נישט, וואָרום יאַך וועל איהן אונטערהאַקטן אַ ריפּ. גייט ער אַוועק און ברענגט דעם קאָנטראָליער מיט די וואָזשנעס און ס'ווערט יענע מהומה. און מען שטופּט מיך אַרויס. אָט האָט עך יידיש טריאַטער. אַ כאַ־ליערע. קאַ קריש קולטוע.

---

דאָס איז נומער איינס. אַ צווייט מאָל דערציילט ער אַ נייע מעשה.

יאַך האָב ליב נאָכן טריאַטער צו גיין מיט מיין פרויליין אין אַ רעסטאָראַציע. קום יאַך אַריין אין דער רעסטאָראַציע פון מנשה פישל קאַץ. געב יאַך דעם לאָקאַי, וואָס שטייט ביי דער טיר, אַ קיצל אונטערן לעפעלע:

קככך...

יאַך בין דאָ אַ היימיש מענטשל. זעצן מיר זיך אַוועק באַ אַ טישל און יאַך געב אַ רוף צום קעלנער:

— משהל — זאָג יאַך — עסן!

זאָגט ער:

— די שפּייז־קאַרטע?

זאָג יאַך:

— יאַך דאַרף נישט קאַ קאַרטעס. דו געב נאָר אונז אַזאַ באַ־קוק און דערלאַנג אַזוי אַריינצושיבן, אַז ביי מיין פרויליין זאָל ווערן דער בויך אָנגעפּוישט, ווי אַ באַליע, און ביי מיר זאָל אַזש אָפּשפּרינגען אַ קנעפּל פון דער וועסט און צעבּרעכן אַ שויב. האָסט מיך פאַרשטאַנען? יאַזדאַ!

זיצט ביים צווייטן טישל עפּעס אַ פּאַצעט און קוקט אונז אָן מיט זיינע צוויי גאַלעס.

— עי! יאַקנעהאַז, — זאָג יאַך צו אים, — וואָס האָט עך אָנ־געשטעלט ענקערע צוויי גאַלעס אויף מיין דאַמע? יאַך האָב פיינט, אַז מ'קוקט אויף מיין מויד. זי איז אַ יענטעל־געגטע און אויסגע־לאַסענע פרוי. עך דאַרפט פאַר איר האָבן דעם גרעסטן פּראָס־פּעקט.

זאָגט יענער:

— פושעפּראַשאַם!

זאָג יאַך צו אים:

— פּושעפּראַשאַם איז אַ לאָקשן־ברעט. גיי און צעברעך האַלז און נאַקן!

זאָגט יענער: „פּענאַמען”. פאַר אַזאַ וואָרט נעם יאַך און כאַפּ אַרויס ביים מוזיקאַנט די טראָמבע און געב אים אַ גלעט איבער דער פריזור. ווערט אַ קאָנפעדעראַציע מיט אַ באַטאַליע. כאַפּט יענער אַ בענקל, כאַפּ יאַך אַ פלאַש און מיין פרוילײַן אינדערמיט. מיין רעגינטשע האָט זיך פיינט צו לאָזן שפּייען אין דער קאַשע. יאַך גיב אונטער קוראַזש מיין רעגינטשע, און זי — מיר. האָבן מיר אים צעבראָכן צוויי זשעברעס און אָפּגעביסן אַן אויער, און זאָל ער וויסן, וואָס עס הייסט קולטוראַ.

אָהאָ, יאַך פאַר קולטוראַ וועל גיין אין פייער און אין וואַסער. אַזאַ מענטשל בין יאַך!

---

און יעצט אַ דריטע מעשה:

יאַך האָב ליב צו גיין אין פילהאַרמאָניע אויף אַ קאָנצערטל, אין צירק אַריין, צו די חיות און אַפילו אַז ס'קומט עפּעס אַ שרייבער און לייענט פאַר זיינע שמאָנצעס, גיי יאַך אויך.

יאַך האָב ליב קולטוראַ.

אַנומלט לייען איך אויפן בלאַט, אַז ס'איז געקומען צו פאָרן אַ שראַבער, אַ גרויסער יומאָריסטניק, אַזאַ וויצלער, וואָס שרייבט סאַטיריקעס. ער'ט לייענען זיינע געווערק. איז עס דאָך מיין זאַך! דאָ בין יאַך דאָך אינדערהיים! ס'איז דאָך קולטוראַ און ליטעראַ־טוראַ. נעם יאַך מיין פרוילײַן און מיר גייען. יאַך וויל, אַז מיין רעגינטשע זאָל אויך ווערן קולטוראַלנע מיט ציוויליזאַציע. זיצן מיר אַזוי אויף דער סאַליע. קומט אַרויס דער שראַבער, דער סאַר־טיריק. אַ יענטעליגענט מענטשל מיט ברילן, און נעמט לייענען אַ יומאָריסטישע קריטיקע, וואָס ר'האָט אָנגעשריבן פון זיין אייגע־נעם קאָפּ. איז ווי ער לייענט אַזוי, הויבט זיך אָן אַ געלעכטער. דער עולם ווערט צעשיט פון געלעכטער. ער לייענט און דער עולם קייכט: כאַ! כאַ! כאַ! כי! כי! כי!...

כאַפּט מיר אָן אַ רחמנות אויף דעם שראַבער: קוק יאַך אויף מיין כלה, אויף מיין רעגינטשע, און זי קוקט אויף מיר. זאָג יאַך צו איר:

— עסט באַלד זען, וואָס דאָ וועט זיין!

און יאַך געב זיך אַ שטעל אַוועק און גיב אַ דונער אויס, ווי אַ פּויק צום פּובליקום:

— שטיל זאָל זיין! עץ הערט, צי נישט? וואָס איז דאָס פאַר אַ געלעכטער, מאַרוויכערס, ממזרים, אַ רוח אין ענקער טאַטנס מילץ אַריין! אַ מענטש שטייט און לייענט, האָרעוועט ווי אַן אָקס, אַז דער שווייס גיסט זיך פון אים, און עץ הירזשעט, ווי די פערדז! וואָס פאַראַ געלעכטער אויף ענקערע קעפּ?!... עץ מיינט, אַז דאָס איז אַ גרינגע זאַך צו לייענען אַזעלכענע קאָפּ־זאַכן?... ווו איז די קול־טוראָ, ווו?... ווו איז די ליטעראַטוראָ, ווו? שטיל זאָל זיין!... דרך־ארץ, געמיינע לאַטקעס, פאַר אַ שרייבער אַ סאַטיריק, וואָרן יאַך על דאָ באַלד צעמירן ענקערע פּליאַקעס...

קוקט דער שרייבער אויף מיר מיט אַ פאַר רחמנותדיקע אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: אָט האָט זיך געפונען אַ קולטוראַלנע מענטש, וואָס שטעלט זיך פאַר אים איין. מיר פאַרשטייען זיך בײדע. פאַרט צוויי יענטעליגענטע פּ׳שוינען!

שריי יאַך צו אים: פּאַניע שרייבער, האַקט ווייטער! הערט זיי נישט, די לאַכודרעס! ווערט נאָך אַ גרעסער געלאַכטאָ.

נעם יאַך און רייס אַרויס אַ בענקל פונם זשאַנד. ווערט דאַך מסתמא די אמתע מהומה. הויבן אָן פליען שטעקנס מיט קולות און קולאַקעס, ביז עס קומען אָן מענטעס און די סטראַזש מיט פּאָמ־פּעס נעמען שפּריצן מיט יענע קישקעס... און פּאַגאָטאָוויע קומט צו פאָרן... עץ שטעלט ענק פאַר די חתונה?

און דאָס איז אַלץ, ווייל די לאַטקעס פאַרשטייען זיך נישט אויף אידעלע קולטוראָ, נישט אויף דער פיינער ליטעראַטורע, אַ קאַל־טע בראַנד אין זייערע געדערעם אַריין! טפוי.

און ער פאַרענדיקט מיט אַ שפּיי, וואָס פּליט אַזש אויף פיר מיט אַ האַלבן מעטער.

# דער טשעמאָדאַן

נאָכדעם, ווי זלמן איטשע איז דורכגעפאַלן מיט זיין ליבע מיט פריילין בראָנטשע פון שיך־געשעפט, וואָס האָט אים אַזוי מיאוס אויסגעלאַכט און באַטראָגן, אויסגענוצט אים מאַטעריעל און צום סוף גאָר זיך פאַרליבט אין אַן אַנדערן, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז אונזער העלד וועט ווערן אַ גרויסער פרויען־פיינט און פאַרלירן דעם גלויבן אין דער פרוי אַלס מענטש און אידעאַל.

איז אָבער אונזער זלמן איטשע, ווי באַוווּסט, באַשאָנקען מיט אַ שטאַרקער ראָמאַנטישער נאַטור. ער איז פול מיט ליידנשאַפט. אָ, ניין! נישט ער וועט ווערן אַ פרויען־האַסער!

אַ קורצע צייט איז ער טאַקע געווען נידערגעשלאָגן און שיער נישט געוואָרן אַן אַנטיסעמיטניק פון פרויען־וועזן. אָבער באַלד האָט ער באַקומען זיין גלייכגעוויכט און גענומען זוכן אַ נייע ליבע.

מחמת אָן ליבע — האָט ער געזאָגט — איז דאָס לעבן געגליכן צו אַ קוימען אָן אַ רויך און צו אַ טשייניק אָן אַ נעזל, צו אַ לאָמפּ אָן נאָפט, צו אַ פּלעשל אָן אַ קאָרעק, צו אַ לידל אָן אַ גראַם, צו אַ ציפערבלאַט אָן ווייזערס, צו אַ היטל אָן אַ דאַשעק, און נאָך אַזעלכע אַפאָריזמען, וואָס זלמן איטשע האָט זיי געהאַט אין די טויזנטער.

אַ קורצע צייט איז ער אַרומגעגאַנגען ליבע־דורשטיק און מיידל־לאָז. נאָר פּלוצלינג האָט זיך ווידער אָפּגעזוכט אַ ליבע און טאַקע גאָרנישט פון ווייט; נאָר דאָ אין דעם זעלבן הויף, אַנטקעגנאיבער.

אין קעגנאיבערדיקן פענסטער האָט ער זי באַמערקט... אַ שיין ליב באַשעפעניש פון פרויען־געשלעכט. זי האָט זיך דאָרט אַרומגע־דרייט אין איר צימער, מיט אַזוי פיל חן און גראַציע, אַז מען האָט געקאָנט אויסגיין פון אַנטציקונג. קיינמאָל האָט ער דאָרטן קיין פרוי נישט באַגעגנט. מסתמא אַ נייע שכנה, וואָס האָט זיך די טעג אַהער אַריינגעצויגן.

זלמן איטשע האָט גענומען שיקן צו יענעם פענסטער־צו זיי־נע ליידנשאַפטלעכע בליקן.

— איך וועל איר היפנאָטיזירן מיט מיין דורכדרינגלעכן בליק, — האָט ער געזאָגט, — אַז זי וועט זיך מוזן אומקוקן אויף מיר מיט איר בליק. איך ווייס שוין איינמאָל ווי אַזוי צו היפּנאָ־טיזירן אַ פרוי.

און כך הוה. דאָס מיידל האָט אויך געוואָרפן אַ בליק צו זלמן איטשעס פענסטער. און ווען ער האָט געשיקט זיין בליק אַהין און זי — איר בליק אַהער, האָבן זיך ביידנס בליקן באַגעגנט.

— איר בליק איז ווי אַ שטורעם־ווינט, וואָס צעבלאָזט אין מיר מיינע ליבעס־פונקען, — האָט זלמן איטשע געזאָגט און — זיך פאַרליבט.

נאָכדעם האָט זי געשמייכלט, וואָס דאָס איז זיכער אַ סימן, אַז אויך זי איז פאַרליבט.

איצט האָט ער געזוכט אַ מיטל, ווי אַזוי צו טרעפן זיך מיט איר פנים אל פנים. ער האָט גענומען איבערלייגן אין קאָפּ אַלער־ליי מיטלען און געלעגנהייטן, כדי זיך מיט איר צו באַגעגענען; נאָר קיין פּאַסיקע געלעגנהייט האָט ער נישט געקאָנט צוקלייבן.

זאָל איך אפשר אַריינגיין צו איר עפּעס לייען; אַריינגיין מיט אַן אויסרייד עפּעס באָרגן, דאַן וועל איך מיט איר כאַפּן איי־נעם פון מיינע גייסטרייכע שמועסן... וואָס־זשע אַזוינס קאָן איך ביי איר באָרגן? געלט? וויל איך נישט, אַז זי זאָל מיינען, אַז איך דאַרף באָרגן געלט; דאָס קאָן שאַדן. וואָס דען־זשע?

ער האָט גענומען אַריינקוקן צו איר אין צימער מיט זיין לאָר־נעטקע, וואָס פאַר אַ חפץ אַ שטייגער האָט זי, וואָס מען זאָל קאָנען ביי איר באָרגן. אָט שטייט איר בעט, אַ ניי־מאַשין; און אָט איז

אַ בלומען־טאָפּ; און אַט איז אַן אויסגעהאַפּטן קישעלע, אַ האַנט־ביטל, און אַט הענגט אַ בלוזקע, אַזאַ חנעוודיק בלוזקעלע. און אַט הענגען אַ פּאָר אויסגעוואַשענע פּרויען־זאָקן, וואָס דערוועקן אין אים אַזוי פיל לײדנשאַפטלעכן באַגער. און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס גע־הערן בלויז צום שיינעם מין. ער וועט דאָך אָבער נישט אַרײַנגיין בעטן באָרגן אַזעלכע מיני זאַכן.

נאָר שאַ. אַט באַמערקט ער ביי איר אונטערן בעט און נעבן בעט אַ סך טשעמאָדאַנען: גרויסע, קלײנע, מיטלמעסיקע. אַט אַזאַ זאַך קאָן מען ביי איר דרייסט בעטן צו באָרגן. זי וועט אים זי־כער נישט אָפּזאָגן. און אַ געלעגנהייט וועט עס זיין אַ גאָלדענע. און בכלל אַ טשעמאָדאַן האָט צו טון מיט אַ רייזע און אַ רייזע איז בכלל אַ ראָמאַנטישע זאַך. מען וועט קאָנען רעדן פון וועג.

קורץ, ער וועט אַרײַנקומען צו איר באָרגן אַ טשעמאָדאַן. דאָס וועט זיין אַן אויסרייד. און דאַן פאַרקניפּט ער מיט איר אַ גייסט־רייך געשפּרעך, ווי ער קען, וועגן פילאָזאָפיע, פּאָעזיע, כאַראַק־טער, ליבע, און — דאַן פאַרבינדט זיך אַ ליבע. און דאַן — און דאַן...

---

זלמן איטשע האָט אָנגעטון זיין בעסטן אַנצוג, אויסגעפּוצט די שיך און איז אַרײַנגעקומען צו זיין שיינער שכנה.

זאָל זי אים מוחל זיין, דאָס פרײלין, זיין העזה. זי איז דאָך אים גאָר אומבאַקאַנט; נאָר ער האָט געוואָלט אויסבאָרגן אויף אַ טאָג דריי אַ טשעמאָדאַנטשיק. ער דאַרף פאָרן קיין פּיזשעניץ וועגן זייער אַ וויכטיקע קולטור־מיסיע. ער דאַרף זיך דאָרט באַגע־גענען מיט עטלעכע קולטור־טרעגער און ער קאָן נישט און טאָר זיך נישט אָפּזאָגן, מחמת ער איז אַ קולטור־טרעגער און די פליכט פון יעדן קולטור־טרעגער איז צו טראָגן אויף זיך די שווערע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער מענטשהייט ווי אויך פאַר דער פּראָ־ווינץ, מיט איר אומגעגנט.

דאָס מיידל, נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף דעם סוף פון זיין מאָנאָלאָג — האָט, ווי אַן אונטערגעשאָסענע, אַרויסגעכאַפּט אַ טשע־מאָדאַן און אים אונטערגעטראָגן.

— אָבער יאָ. געווים. ביטע זייער. מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

זי האָט מיט אַ געשווינדקייט פון אַ פילם־טעמפּאָ אַריינגע־שפּאַרט זלמן איטשען אין האַנט אַ טשעמאָדאַן און צוגעגעבן:

— צום ווידערזען. אַ גליקלעכע רייזע.

און באַלד אומגעריכט פאַר זיך איז ער געבליבן שטיין הינ־טער דער טיר מיט דעם טשעמאָדאַנטשיק אין האַנט און מיט אַ ברייטן לעפיש־נאַרישן, זויער־זיסן שמייכל אויפן פנים, וואָס האָט אַזש דערגרייכט פון איין אויער ביזן אַנדערן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן צו זיך אין צימער, אַרויפגעשטעלט דעם טשעמאָדאַן אויפן טיש און זיך פאַרטראַכט.

— נו, איז וואָס טוט מען איצט? איך דאַרף דען ערגעץ פאָרן? ווייסעך! וואָס האָט עס מיר געטויגט? פאַרפאַלן. איך וועל איצט דריי טעג מוזן האַלטן דעם טשעמאָדאַן אין שטוב ביי מיר און אַליין אויך זיצן אין שטוב. עס מוז הייסן, אַז איך בין אָוועקגע־פאָרן. איך וועל מוזן דריי טעג זיצן פאַרשפּאַרט אין מיין צימער, זי זאָל מיך חלילה נישט טרעפן ערגעץ; נישט אויפן הויף, נישט אויף די טרעפּ און נישט אויף דער גאַס... דריי טעג טאָר זי מיך נישט זען... דריי טעג טאָרן זיך אונזערע בליקן נישט באַגעגענען אַפילו דורכן פענסטער.

ער האָט אַראָפּגעלאָזן די שטאָרן, האָט באַשטעלט אין אַ רע־סטאָראַציע, מען זאָל אים ברענגען מיטאָגן, האָט אָנגעגרייט שפּייז אויף דריי טעג, ביכער, זיך פאַרשלאָסן אין זיין צימער און זיך מכין געווען אָפּצוזיצן דריי מעת־לעת איינזאַמע תפיסה.

ער האָט אויסגעטון די שיך און איז געבליבן אין זאָקן. אַזוי וועט ער אַרומגיין. קיין שאָרך, קיין פּיפּס טאָר זיך אַפילו נישט דערטראָגן פון זיין צימער. אויף דער נאַכט אַפילו קיין ליכט נישט אָנגעצונדן. ס׳הייסט, ער איז אַוועקגעפאָרן, נישטאָ אין דער היים און פאַרטיק.

דריי טעג און דריי נעכט האָט ער געשמאַכט אין דער דאָזי־קער תפיסה און געטראַכט זיינע געדאַנקען, געחלומט וועגן זיין דולצינעאַ. דאָ, קעגנאיבער, אין צווייטן הויז, זיצט זי און ער

טאָר זי נישט אָנקוקן. אַזוי נאָענט איז זי צו אים, און אַזוי ווייט! נישט דערגרייכבאַר! אָ, ווי זאָנדערבאַר איז דער גורל פון אַ ליבעס־העלד. צי ווייסט זי דאָרטן וועגן איר געליבטן, וואָס אָפּפערט מיט זיין פערזענלעכער פרייהייט און פייניקט זיך אין אַט די פיר ווענט פון געפענגעניש, אַבי צו געפינען אַ וועג צו איר האַרץ?

נאָר אַ טרייסט האָט ער געהאַט:

— דריי טעג איז בלויז אַ טייל פון דער אייביקייט. די דריי טעג וועלן אַוועקגיין, נאָכדעם וועט ער ערשט האָבן די אמתע געלעגנהייט צו זען זיך מיט איר. ער וועט איר אָפּגעבן דעם טשעמאָדאַן. און דאַן וועט ער זיך מיט איר צעשמועסן. ער האָט איצט צייט צוצוגרייטן אַ גייסטרייכן געשפּרעך, וואָס ער וועט פירן מיט איר. ער וועט צילן גלייך אין איר האַרצן אַריין. ער וועט איר דערציילן זיינע רייזע־געשעענישן, אויפן וועג קיין פּיזשעניץ, אַ שטייגער, ווי אַטעללאָ פאַר זיין געליבטער דעזדעמאָנאַ. רייזע־געשעענישן האָבן זייער צויבער און מאַכט. זיי רירן דאָס האַרץ פון דער שטאָלצסטער פרוי. ער וועט איר דערציילן וועגן זיין רעפעראַט, וועגן דעם דערפאָלג, די אַפּלויזן, די באַגייסטערונג פון די מאַסן, זיין טריומף. זי וועט גאַפן, זי וועט שטוינען, זי וועט פאַרנעמען זיינע רייד און וועט זיך דורכדרינגען מיט געפילן פון ליבע און באַוווּנדערונג צו אים... צו אים! און דאַן, אָ, דאַן!...

---

צום סוף פון די דריי שווערע מעת־לעת האָט זלמן איטשע אויפגעהויבן די שטאָרן פון די פענסטער. דאָס פלוצלינגע ליכט האָט אים אַ בלענד געטון די אויגן, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געזעסן אין אַ פינסטערער טורמע. ער האָט אויסגעזען מיד און בלאַס, וואָס דאָס האָט אים צוגעגעבן אַ צאַרטן חן. ער האָט אָנגעטון די שיך, ווי נאָך אַ שבעה־זיצן, גענומען דעם טשעמאָדאַן און איז אַוועק צו זיין באַקאַנטער.

נאָר נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו זאָגן אַ וואָרט, איז אים זיין באַקאַנטע געלאָפן אַנטקעגן און מיט אַ מאָדנער איילעניש אַרויסגעשאָסן:

— אַך, איר זענט שוין דאָ מיט דעם טשעמאָדאַן! זייער גוט. איך האָב שוין אויסגעקוקט די אויגן.

„אַהאַ, — האָט אים אַ גליקלעכער טיאַך געטון אין האַרצן, — זי האָט אויף מיר אויסגעקוקט". נאָר באַלד איז דער גליקלעכער טיאַך געגעבן אַ פאַל אַרונטער. זי האָט צוגעגעבן:

— איך דאַרף אים אַזוי האָבן, דעם טשעמאָדאַן... איך פאָר היינט אַוועק קיין אַרגענטינע. איך בין אַן עמיגראַנטקע פון קיעלץ, איך פאָר צו אַ חתן... אַדיע!

און זי האָט פאַרהאַקט די טיר הינטער זיין נאָז.

אין אַ מינוט אַרום איז ער ווידער געשטאַנען אויפן הויף אַ פאַרלוירענער, און זיך געקראַצט אונטער דער פאה.

# די אַוואַנטורע

(אַ בריוו אין רעדאַקציע)

געערטע רעדאַקציע!

נעכטן איז אין אייער צייטונג געווען געשריבן וועגן דער אַוואַנטורע, וואָס איז אויסגעבראָכן אין קאַפע „עלדאָראַדאָ". איר האָט געשריבן, אַז איינער אַ ברוטאַלער הער האָט געוואָרפן אַ פּאַר־ציע געפּרווירענס אויף אַן אַריסטאָקראַטישער דאַמע, די פרוי פון באַקאַנטן דאָקטאָר צ., אַ דאַמע פון דער געזעלשאַפט.

ווייל איך איך דאָ, אויף די געערטע שפּאַלטן פון אייער צייטונג, אויפקלערן, אַז דער ברוטאַלער הער, דאָס בין איך און אַז עס איז געשען דאָס, וואָס עס האָט געמוזט געשען. דער פאַרלויף פון דער אַוואַנטורע איז געווען פאָלגנדיקער:

דאָס דערמאָנטע קאַפע איז מיין שטענדיק קאַפע און איך בין דאָרט אַ שטאַם־גאַסט. יעדן טאָג פאַר מיטאָג מוז איך דאָ זיין. דאָס דאָזיקע קאַפע שמט מיט זיין ענגשאַפט; און מחמת דאָרט איז זייער ענג, האָט עס גרויס דערפאָלג. און מחמת עס האָט גרויס דערפאָלג, איז דער געדראַנג דאָ נאָך גרעסער.

דער אייגנטימער פון קאַפע מאַכט גוטע געשעפטן, און ער וואָלט אייגנטלעך געקאָנט דאָס קאַפע פאַנאַנדערבויען און מאַכן גרוימער, נאָר ער האָט מורא, אַז קוים וועט דאָרט ווערן גרוים און באַקוועם, וועט ער פאַרלירן די געסט. ווייל אַ גאַסט, זאָגט ער, אין קאַפע, האָט ליב, אַז ס'איז אים ענג און מען זיצט אים אויפן קאָפּ.

הכלל, זיץ איך מיר איינמאָל אין דאָזיקן קאַפע צונויפגע־

קוועטשט, ווי אַ קעז, אַריינגעפּראַפּט צווישן טישן און טישלעך, שטולן און בענקלעך, אַרומגערינגלט מיט אַקסלען, דיקע און דאַרע פּלייצעס און פעטע און מאָגערע דעקאָלטן, זיץ און לייען מיר מיין צייטונג — ערשט, אין מיין אויער גרילט מיר אַריין פּאָלגנדיקער שמועס, פון אַ פּעקל ווייבער ביי אַ דערבייאיק טישל, האַרט נעבן מיר:

— זענט איר, הייסט עס, פּאַני באַלבינאַ, געקומען פון אַ לוסט־רייזע? איז ווו זענט איר געווען?

— פרעגט בעסער, קאָכאַניע, ווו בין איך נ י ש ט געווען. אָך, איז דאָס געווען אַ רייזע! באָסקאָ! נאָר פון אַלע שטעט, הערט איר, איז מיר געפעלן ווענעציע... אַך, ווענעציע!

— ווענעציע?! דערציילט, דערציילט, טייערינקע.

די דאַמע, וואָס האָט דערציילט, איז געווען אַ ריזן־פּרוי. אַ מין געוועלבטע געביידע מיט באַלקאָנען. אינגאַנצן ברוין: אַ ברוין פּנים, ווי אַ געפּרייעט מייערן־צימעס, ברוינע האָר און אַ ברוינעם מאַנטל.

— אַך, ווענעציע, וואָס ווייסט איר! אַזוי פיל ראָמאַנטיזם, אַזוי פיל פּיקאַנטעריע! טאָקע צוגעפּאַסט צו מיין סענטימענטאַלנער נאַטור... הייבט די קאַנאַלן! דער דאָזשען־פּאַלאַץ! הייבט די טויבן... זיי שטעלן זיך דאָך ביי אייך אויפן אַקסל, יאַק באָגאַ קאָכאַם. איין טויב פון מאַנספערשוין־פּלעטש האָט זיך אין מיר איינגעליבט... ער האָט, מסתמא, געטראַכט, אַז ער איז אַ טויב, בין איך אַ טייבעלע...

— וואָס טראָגט מען דאָרט, פּאַני באַלבינאַ?

— ווענעציאַנער שפּיצן... נאָר ווענעציאַנער שפּיצן, פּזשעוואַזשניע טראָגט מען דאָרט די נעאַפּאָליטאַנישע דאָמינאָ מיט אַ זילבערנער ליאַמע... אַ זשאַבאָ־קראַגן פון ווענעציאַנער פענסטער... מיין איך, שפּיצן. אַ קאַפּעליוש אַלאַ מוסאָליני מיט שוואַרצע מאַקאַראָנען! אי וואָגולע...

— אַך, ווי שיין! אויסערגעווינלעך! אייך איז גוט, פּאַני קאַלמאַנאָוויטש. איר מאַכט זיך לוסט־רייזעס, און איר ווייסט, וואָסער מאָדע מען טראָגט אויף דער וועלט.

— וואָס ווייסט איר! וואָס ווייסט איר!... צודאָוונע!...

— האָט איר אַוודאי דאָרט אָנגעקויפט אַ שיין ביסל זאַכן?!

— אָט דעם האַנט־בייטל האָב איך דאָרט געקויפט, עכט ווענעציאַנישער לעדער־דרוק. דער באַאַמטער אויף דער גרענעץ האָט עס נישט געוואָלט דורכלאָזן, האָב איך אים געמאַכט אַן אויגל... נאַמיענטנע אָטשקאַ... הי־הי־הי... איך, אַז איך וויל, קען איך... האָט ער עס מיר דורכגעלאָזט... יאַק באָגאַ קאָכאַם...

איך האָב מיך געפרוווט פאַרטיפן אין אַ צייטונג; אָבער איר מאַנסבילשע שטים האָט געזעגט, ווי מיט אַ זעג.

— און ווו האָט איר דאָרט פאַרבראַכט?

— ווו זאָל מע פאַרברענגען? אין די גאָנדאָלעס. גאַנצע טעג האָב איך פאַרבראַכט אין גאָנדאָלעס, אין די פּאָעטיטשנע גאָנדאָלעס. אַך, דער גאָנדאָליער. אַזאַ ברונעט! פלאַם־פייער! האָט ער זיך צע־זונגען, האָט מען געקאָנט צעגיין פון פּשיִעמנאָשץ... ער האָט געזונגען אַ נעאַפּאָליטאַנישע סימפּאָניע: טאַראַ, טוראַ, אַך, מאַרי! ליאַ ליאַ! טוראַ!... לאַ דאָ—נאַ מאָ—בי לע!... טיי, ריי, ריי, ריי, ריי!... ער איז נאַפּעוונאָ פאַרליבט געווען אין מיר... נאָר אַ פאַרליבטער קאָן אַזוי זיס זינגען... אַך, די איטאַליענער, זיי זענען דאָך אַלע אַזעל־כע סימפּאַטישע ברונעטן, אַזעלכע ברענענדיקע אויגן פול מיט טעמ־פּעראַמענט!... אַ צאָ זאַ מענטאַלנאָשטש!... ער האָט אַפילו געוואָלט קומען ביינאַכט צו מיר זינגען אַ סערענאַדע; האָט ער אָבער נישט געהאַט קיין קאָנטראַבאַס...

איך האָב געוואָלט אויפשטיין, איבערזעצן זיך צו אַן אַנדער טישל, זענען אַלע טישלעך געווען באַזעצט; עס איז אַפילו נישט מעגלעך געווען אַרויסצוקריגן זיך, כאָטש געם און שלעפּ מיך אַרויס מיט קאָרקנציִער... איך בין געבליבן זיצן און על אפּי ועל חמתי ווייטער געהערט...

*

דעם צווייטן זונטיק בין איך געזעסן אין קאַפע „בויבעריק“. אויך דאָרט איז, ווי דער שטייגער, אַ גרויסע ענגשאַפט. איך זיץ מיר ביי אַ טישל און — ווידער סקריפּעט מיר אין אויער אַ באַ־סאָווע שטים; איך וואָלט שווערן אַ באַקאַנטע שטים:

— װענעציע... אַך, װענעציע! װיפֿל פּאָעזיע! אױפֿן סאַאַרבאָ־פּלאַץ פֿליִען טױבן, און איך האָב זיך דאָרט געפֿילט, װי אַ טײַ־בעלע... יאַק גאָלאָמבעק...

איך קוק זיך אום, — די זעלבע פֿרױ... איצט זיצט זי דאָ מיט אַ נײַער געזעלשאַפֿט װײַבער און דערצײלט אירע אײַנדרוקן. גאָט מײַנער! דװקא דאָ, נעבן מײַן טישל — װי דער גורל װאָלט מיך פֿאַרפֿאָלגט.

— ...אַך, די גאָנדאָלעס! איך בין געפֿאָרן מיט אַ גאָנדאָליער, אַזאַ סימפּאַטיטשנער ברונעט... ראַסאָװי היספּאַן... ער האָט געזונ־גען אַ נעאַפּאָליטאַנישע אָפּערע: טראַ, טראַ, טאַראַ... אַך, װאָס פֿאַראַ זיסע טענער... לאַ דאָנאַ מאָבילע... ער איז זיכער געװען זאַקאָכאַני אין מיר. ער האָט אַלץ געװאָלט, איך זאָל זיצן נעבן אים... זעצט זיך — זאָגט ער — מײַן קלײן פֿײגעלע, אָט דאָ, אינמיטן פֿון דער גאָנדאָלע, װײַל װען איר זיצט בײַם ברעג, נױגט איר איבער אַזױ טיף, אַז די גאָנדאָלע קאָן זיך נאָך איבערקערן... און אַז מיר זענען דורכגעפֿאָרן די בריק פֿון די „זיפֿצן‟, האָט ער געקוקט אױף מיר און אַזױ געזיפֿצט, אַזױ געקרעכצט... אַך!... אַך!... נאַמיענטנאָשטש...

איך האָב גענומען זוכן מײַן קעלנער, נאָר ער איז נישט גע־װען. איך האָב געקלונגען, נאָר ער איז נישט געקומען. איך בין גע־זעסן און געהערט, געהערט און געהערט און די פֿרױ האָט גע־רעדט:

— װענעציאַנער שפּיצן... מוסאָליני־קאָפּעלוש מיט מאַקאַראָן... אַך, װענעציע!...

*

די קומענדיקע װאָך איז געװען עפּעס אַ חגא. כ׳בין גע־זעסן אין אַ דריטער קאַפֿע. קײן טישל איז נישט געװען. דער פּי־קאָלאָ האָט מיר אַװעקגעשטעלט אַ קלײן טישל אינם ענגן דורכ־גאַנג. מען האָט באמת באַדאַרפֿט זײַן אַן אַקראָבאַט צו דערשלאָגן זיך צו מײַן אָרט. אָבער איך האָב זיך װי ס׳איז אַװעקגעזעצט, און האָרט דאָ, הינטער דער פֿלײצע, הער איך װידער די באַקאַנטע סקרי־פּענדיקע שטים; די זעלבע פֿרױ זיצט בײַ אַ טישל מיט אַ פֿרישער געזעלשאַפֿט און גרעגערט:

— איך בין געפאָרן מיט אַ גאָנדאָליער, איז ער געווען אַזוי סימפּאַטיטשנע, אַזוי ברונעט, ער האָט געזונגען: טראַ־טראַ... טאַראַ... און איך האָב געקוקט אויפן זונען־אונטערגאַנג, אַ גאַנצן טאָג האָב איך געקוקט אויף דעם זונען־אונטערגאַנג... נאָכדעם זענען מיר גע־גאַנגען קויפן שפּיצן, ווענעציאַנער שפּיצן, האָב איך זיך געקויפט אַ זשאַבאָ־קראַגן מיט אַ בעאַפּאָליטאַנישער דאָמינאָ, וואָס שפּיליעט זיך אינגאַנצן אויף פון הינטן, אַזוי אָריגינאַלנע... האָט מען עס מיר אויף דער גרענעץ נישט געוואָלט דורכלאָזן. מען האָט מיך חושד געווען, אַז איך שמוגל זייד, ווייל איך בין צו־קאָרפּולענטנע, איר פאַרשטייט? אידיאָטיטשנאָ בעזטשעלנאָשטש! מיין שלאַנקע פיגור איז פאַר אים צו־דיק... איך האָב אָפילו געבעטן, אַז ער זאָל מיך באַזוכן. האָט ער נישט געוואָלט. אַזאַ דאָן־זשואַן!

עס האָט מיר פאַרקווענטשט פאַרן האַרצן. וואָס וויל פון מיר די ברוינע ייִדענע? פאַרוואָס פאַרפאָלגט זי מיך אַזוי?! איך האָב געוואָלט זיך אויפהויבן און מאַכן אַ „ויברח“. אָבער אַ ריר טון זיך איז געווען אוממעגלעך... איך האָב געכאַפּט די פאַרציע געפּרוירבס, וואָס איז געשטאַנען נעבן מיר און אַ וואָרף געטון עס דער דאַמע אין דער ברוינער צורה אַריין...

דאָס אַלץ...

# פרילינג און דער פעסימיסט

— איר זאָגט: פרילינג. דאָס טייערסטע, דאָס ליכטיקסטע פון אַלע פיר צייטן פון יאָר. פּאָעטן באַזינגען עס מיט די שענסטע גראַמען. די זון שיינט, וואַרעמט און לייכט, און קוויקט מיט אַלערליי אולטראַ־פיאָלעטאָווע און אַנדערע רענטגען־שטראַלן, אַז ס׳איז אַ מחיה נפשות. דאָס פרילינג־ווינטל גלעט, צערטלט באָרד, פיאות, לאָקן, אויב מען האָט עס. דאָס טייכל מורמלט עפּעס סודות־דיקס; דאָס קוועלעכל ריזלט; דאָס ביימל בליט; דער פויגל טשירי־קעט. יעדעס באַשעפעניש אין דער נאַטור טוט זיך אין פּאַך און איז באַשעפּטיקט אין זיין בראַנזשע.

דער ליכטיקער דרויסן מאָנט און רופט דיך, ציט און לאָקט אויף דער גאַס אַרויס צום שפּאַציר, אָנצוקוקן גאָטס וועלטל, הנאה צו האָבן פון דער פּרעכטיקער נאַטור מיט די אַלע אירע פּאַנאָראַ־מעס און לאַנדשאַפטן. אַפילו דער בער גייט אַרויס פון זיין נאָ־רע, די מויז פון איר לאָך; אַלץ גייט מקבל פנים זיין די פרילינגס־זון. פייגל קומען צוריק פון זייערע נסיעות איבער די ווייטע לענ־דער; חיות און ווידמענונגען, וואָס זענען געלעגן איינגענאָרעט דורך דעם לאַנגן ווינטער, ווי ווערעם אין כריין, קוקן זיך אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, שטייען אויף צו אַ ניי לעבן, פרייען זיך, באַוועגן זיך.

און דער מענטש, דער בחיר היצורים, ער וואָלט אַוודאי וועלן אַרויסגיין אויף דער גאַס; נאָר גיי, טו, מאַך, — אַז מען קאָן קיין גאָס נישט דורכגיין...

אַט האָט איר אייער פּרילינג!

איר זאָגט, איך בין אַ פּעסימיסט. אַדרבא, לאָמיך אייך שיל־דערן מײַנס אַ פּרילינגס־שפּאַציר. נישט קיין גרויסן, נישט קיין װײַטן און לאַנגן, נאָר אַזוי זיך, אַ קליין שפּאַצירל, לאָמיר זאָגן פֿון אָרלע גאַס ביז צו דער קאָפּע „זשעמיאַנסקע״ אויף מאַזאָוויעצקע, און לאָמיר זען, ווי עס זעט אויס דער נחת־רוח — און פּרוּווט, אַדרבא, אַליין נישט צו ווערן קיין פּעסימיסט און אַנטיסעמיט אויף די פֿלערליי פּרילינגס און שטראַלן און אַנדערע אַרטיקלען.

וואָרום תּיכּף, ווי דו גייסט אַרויס פֿון דײַן ענגן, דושנעם צימער אויף דער ליכטיקער גאַס אַרויס און מאַכסט עטלעכע טריט, טשעפּעט זיך אין דיר שוין איין אַן אַלטע בעטלערין, לויפֿט דיר נאָך, ציט דיך ביים אַרבל און קראַקעט דיר אַריין אין פּנים אַריין מיט אַ פֿאַרזשאַווערט קול:

— האַרעשי לעבן, שענקט עפּעס, איר גיט דאָך מיר אַלע־מאָל! שענקטס אַ נדבה!... גאָט זאָל אייך געבן... יאָך בין מעוברת...

זי לויפֿט אייך פֿאָרויס, פֿאַרשטעלט אייך דעם וועג, דערקו־טשעט אייך אַזוי לאַנג, ביז איר פּאַרטיקט איר נישט אָפּ...

אָפּגעפּאָרטיקט זיך מיט דער בעטלערין, זיך קוים אַרויסגע־ריסן, גייט איר אַ פּאָר טריט ווייטער, איר זענט אויף דער עלעק־טאָראַלנע גאַס — דאָ פֿאַרלויפֿן אייך דעם וועג צוויי יינגלעך, גע־וואַלטעווען אייך אין אויער אַריין און שפּאַרן אייך אין האַנט די מיטאָג־צייטונגען. זיי פּייניקן אייך אַזוי לאַנג, ביז איר קויפֿט אַ צייטונג.

אָפּגעפּאָרטיקט די יינגלעך, גייט איר ווייטער. אַרום זשאַביע גאַס פֿאַרהאַלט אייך אַ פֿאַרשוין און שטעלט זיך מיט אייך פּנים אל פּנים, שטעלט אָן אויף אייך אַ שפּאַקטיוו: ער וויל אייך שיסן... ניין, ער וויל אייך נישט שיסן; ער וויל אייך פֿאָטאָגראַפֿירן, פֿיל־מען. אָפּגעפֿילמט, שפּאַרט ער אייך אין האַנט אַריין אַ קוויטל און לאָזט אייך אָפּ.

אָפּגעגאַנגען נאָך אַ פּאָר טריט, ביים אייזערנעם טויער, לויפֿט אייך נאָך אַ יינגל און שטופּט אייך אין האַנט אַריין אַ פֿלוג־בלעטל, אַ רעקלאַמע־צעטל פֿון היימישע מיטאָגן „פּאָר איין זלאָטע אַ מי־

טאָג פון פיר שפּיזן, מיט פאַרשפּייז, מיט פיש און מיט פלוימען־קאָמפּאָט, לעגאָמינע און סאָדע־וואַסער; ברויט אומזיסט״.

וואַרפט איר אַוועק דאָס קוויטל און גייט ווייטער. איר קומט אַריין אין זאַקסישן גאָרטן. איר מאַכט זיך גרייט הנאה צו האָבן פון אַביסל פרילינג. לויפט אייך אַנטקעגן אַ ייִדל און כריפּעט אייך אין אויער אַריין, ער האָט פאַר אייך פאַרשידענע חפצים: אַ לוח, אַ בלאָק־נאָטיצל, שרייב־פּאַפּיר, פליגן־פּאַפּיר, לעש־פּאַפּיר, אַ בליי־פעדער, שוועבעלעך. ער פאַרשטעלט אייך דעם וועג; איר מוזט קויפן עפּעס, ער האָט שוין אַ חזקה אויף אייך...

איינגעקויפט אַ פּאַראַיאָריקן לוח און זיך קוים אַרויסגעריסן פונם ייִדל, — פאַלט איר אַריין אין די אָרעמס פון אַ בחור מיט קראַוואַטן, „אמתע זיידענע קראַוואַטן״... געפּאַסעוועטע, גע־שפּרענקלטע, געבלימלטע, געקעסטלטע, עכט־מאָדישע קראַוואַטן. ער שלעפּט אייך אין טויער, ער וועט אייך ווייזן זיין קאָ־לעקציע סחורה. קראַוואַטן פון סאַמע ווין און פּאַריז. ער וויל נישט, איר זאָלט קויפן, ער וויל נאָר, איר זאָלט אָנקוקן. ער וועט אייך נישט אָפּלאָזן. אַ ברירה האָט איר? ער האָט אייך צוגעדריקט צו דער וואַנט; איר קויפט אַ קראַוואַט און אָטעמט אָפּ און לאָזט זיך ווייטער לויפן.

איר לויפט אַרויס פון גאָרטן, פאַלט איר אַרויף אויף צוויי יונגעלייט מיט פילם־אַפּאַראַטלעך און מען פאָטאָגראַפירט אייך און מען שטופּט אייך אַריין צוויי קוויטלעך אויף צוויי אויפנאַמעס: איינס דאַרפט איר אָפּנעמען אויף מאָקאָטאָוו און אַ צווייטס — אויף פּראַגע.

איצט שטעלט אייך אָפּ אַ יונגערמאַן און שושקעט אייך אַריין: אפשר האָט איר עפּעס אַלטע זאַכן צו פאַרקויפן? ער איז גרייט אָפּצוקויפן ביי אייך אייער אַנצוג, וואָס איר טראָגט אויף זיך, אייער קאַפּעלוש און אַפילו די שיך פון די פיס אַראָפּ, מניה וביה, דאָ טאַקע אויפן אָרט. אויב איר ווילט, וועט ער קומען צו אייך אַהיים... ער נעמט אָן צו נייען, פאַריכטן, פּרעסן און פאַרבן. ער וויל בלויז אייער אַדרעס...

עס לויפט אייך נאָך ווידער אַ בחור מיט קראַוואַטן.

איר גייט אַריבער אויפן אַנדערן טראָטואַר, איר זעגט שוין אויף קרולעווסקע גאַס, קומט אייך אַנטקעגן אַ פרוי מיט אַ מאַן. ווידעראַמאָל פאָטאָגראַפירט מען אייך. איר לאָזט זיך לויפן.

איר לויפט נישט אָפּ קיין צען טריט, און עס פאַרהאַלט אייך אַ נייער פאַרשוין, ווינקט צו אייך מיט אַן אויגל... ער ווייזט אייך געהיימנישפול אַ פולפעדער אויף דער דלאָניע, אַן עכטן „וואָטער־מאַן". ער האָט אויך אַ „פּאַרקער", פערצן קאַראַט גאָלד, גאַר אַ נייע פולפעדער, כמעט נישט גענוצט נאָך. ער ווינקט צו אייך מיט אַ זייטיק אויגל, כדי איר זאָלט זיך אַנשטויסן, אַז עס איז פון אַ גנבה און עס איז אַ מציאה פון אַ גנב.

איר ווערט קוים פּטור פון דעם חברה־מאַן און גייט אַ ווײַלע ווייטער — ס'לויפט נאָך אייך אויפסניי אַ יונגערמאַן מיט קראַוואַטן. איר לויפט שוין אָן אָטעם. פאַרהאַלט אייך אַ יינגל און שטופּט אייך אַ פּאַפּירל אין האַנט; עס איז אַ רעקלאַמע־צעטל פון אַ באַרימטן וואַרזאַגער, אַ געדאַנקען־לעזער, „טרעפער" און נביא, וואָס טרעפט די פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט, אייער „לעבנסוועג", „כאַראַקטער", „ליידנשאַפט" און „דערפאָלג ביי פרויען".

וואַרפט איר אַוועק דאָס פלוג־צעטל און ווילט מאַכן אַ טראַט ווייטער, — שטעקט אייך עמעצער עפּעס אַ בלעכל אין לאַץ אַריין; אַ פּאָר טריט ווייטער — שטופּט מען אייך אַ פּאָסט־קאַרטל אין האַנט. איר יאָגט, איר לויפט, איר סאָפּעט. עס טראָגט אייך, ווי דער רוח דעם מלמד און ביים איינגאַנג אין קאַפע שטייען אַ פּאָר דאַמען און מען רייסט ביי אייך אויף אַ פילאַנטראָפּישן בלימל.

און דאָס אַלץ אויף אַ שטרעקע פון אַ פּאָר הונדערט מעטער שפּאַציר־וועג.

דער פרילינג איז שיין, דער הימל בלוי, די לופט פריש — אַ מחיה... גאָטס וועלטל איז פּרעכטיק, אַ ברכה צו מאַכן דעריבער! — אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז מען קאָן אַ גאַס נישט דורכגיין...

# מ י י ז

(צו דער וואָך פון מייז־אויסריינִיקונג)

פונקט ווי יענער פישער האָט געפאַנגען אַ גאָלדן פישל אין זיין נעץ, און דאָס פישל האָט זיך צערעדט, אַזוי האָט מיין כאַפּ־שטייגל היינטיקע נאַכט געפאַנגען אַ מייזל, און דאָס מייזל איז אויך אַרויס מיט לשון.

זי איז אַרומגעלאָפן אין שטייגל, געשפּרונגען, געטאַנצט און גערעדט.

— האָסט מיך געפּאַקט, באַלעבאָס, — האָט זי געפּישטשעט מיט אַ שטים פון אַ געפאַנגענעם, — איך בין געפאַנגען אין דיין כאַפּ־שטייגל, אָבער איך בין צופרידן. איצט, ווען מיר זענען באַ־ערט מיט אַ מויז־וואָך, איז גלייכער, אַז מיר וועלן זיצן אין תּפיסה...

און איך האָב געמיינט, אַז די „מויז־וואָך" וועט עס הייסן אַ יום־טוב פון אונזערטוועגן, אַ שטייגער, ווי די וואָך פון מוטער, די וואָך פון קינד, די וואָך פון הינט. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז דאָס הייסט: אונז אויסצוסמען, פאַרניכטן און אויסצוראָטן!

— צום שטיקל ווורשט, וואָס דו האָסט אויפגעהאָנגען אין כאַפּ־שטייגל, האָב איך זיך נישט צוגערירט, מחמת איך קען אייערע שפּייז־פּראָדוקטן... אונז וועט איר נישט אַריינגאַרן, נישט מיט אייערע ווורשטן און נישט מיט אַ שטיקל לעבער... האָפּליאַ! איך לעב!

— פאַר וועלכע חטאים איר, מענטשן, האָט אויף אונז אָרגאַ־ניזירט די אויסראָטונגס־וואָך, איז שווער צו פאַרשטיין. איר זאָגט: מיר זענען גנבים. איז דאָך דאָס אַ לויטערער בלבול! עס שטייט

דאָך בפירוש אין דער גמרא (נישקשה, איך האָב דאָ נישט לאַנג אויפגעגעסן אַ גאַנצן ש״ס, ווייס איך, וואָס דאָרטן שטייט), אַז „לאו עכברי גנבא אלא חורא גנבא״. נישט די מויז איז דער גנב, נאָר דאָס לאָך. טאָ וואָס האָט איר צו אונז? נעמט אייך בעסער צו די לע־כער. איז דער תירוץ, אַז לעכער האָט איר שוין איבערגעננוג, און איר ווייסט נישט, צו וועלכע לעכער צו נעמען זיך אָפּריער; צי צו די לעכער אין די בודזשעטן, צי צו די לעכער אין די הייזער, אין די שויבן, צי גאָר צו די לעכערדיקע קעשענעס? האָט איר זיך דע־ריבער גענומען צו אונז. און מיר זענען דאָס דער שעיר לעזאזל!

— מעגלעך, אַז מען ווײַל אונז אויסראָטן אַלס טראָצקיסטן. אמת, נישט איינער פון אונז האָט אויפגעפרעסן טראָצקיס „מיין לעבן״, אָבער וויפל פון אונז האָבן אויפגעפרעסן היטלערס „מיין קאַמף״! אויב מען זאָל אורטיילן אונז לויט די ווערק, וואָס מיר עסן און צענאָגן יערלעך, וועט מען קיינמאָל נישט וויסן אונזער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, געזינונג און וועלט־אָנשויאונג. דעם גאַנצן מאַרקס „קאַפּיטאַל״ האָבן מיר אויפגעפרעסן, נו? זענען מיר מאַרקסיסטן? ניין, מען טאָר אונז נישט אויסראָטן, ווײַל מיר קומען צונויף. מען דאַרף אונז האָבן.

— ווו וואָלט איר זיך, מענטשן, אַהינגעטון מיט די יידישע אינטערפּעלאַציעס, מעמאָראַנדומס, פּאַקטן און דעקלאַראַציעס, וואָס ליגן אין די אַרכיוון פון אַלע פּאַרלאַמענטן און רעגירונגס־קעלערן, ווען מיר זאָלן זיי נישט אויפפרעסן? ווו וואָלט מען זיך אַהינגעטון מיט די שלום־טראַקטאַטן, מיט די נייטראַליטעט־ און נישט־נייטראַ־ליטעט־אָפּמאַכן, מיט די סאַנקציעס־פּאַרפליכטונגען, מיט די מינ־דערהייטס־רעכט־פּאַרשטענדיקונגען, מיט די אַלע האַנדלס־אָפּמאַכן און בכלל מיט די אַלע בערג פּאַפּיר פון דער וועלט־פּאָליטיק?

— ווער איז היינט דער גרעסטער פּאַרבּרויכער און קאָנסו־מענט פון ליטעראַטור, אויב נישט מיר, די מייז? פרעגט די ביבליאָ־טעקאַרן. ווו וואָלטן זיי זיך אַהינגעטון מיט די אַלע ביכער?

— איצט, אַז די וועלט איז פול מיט ספּאָרט און פוטש און מיט אויסשיסן איינער דעם אַנדערן, ווער נעמט היינט אַ בוך אין מויל, אויב נישט מיר?

— און טאָקע די הייליקע ספרים? וויפל פון אייערע היינ־טיקע רבנים נעמען אַ ספר אין מויל? צו פאַרזוכן דעם טעם פון אַ פסוק, אַ חוץ אונז?

— פרעגט יעדן בוכהענדלער, וועט ער אייך זאָגן, וויפל נייע סקלאַדעס מיט פאָליצעס ער וואָלט געדאַרפט פאַר זיינע ביכער, ווען ניט מיר באַפרייען אים פון דעם אַלעם?

— און לער־ביכער, און שול־ביכער, און וויסנשאַפטס־ביכער — ווער באַנוצט זיי איצט, אויב נישט מיר, מייז? אויף דעם האָבן מיר דאָך געמאַכט אַ טויש מיט די סטודענטן: זיי וועלן זיך לערנען מיט דרענגער און זשילעטקעס, און מיר וועלן זיך שפייזן מיט וויסנ־שאַפטס־ווערק. וואָס דען האָט איר געוואָלט, אַז מיר זאָלן גריזשען מעסערס, דרענגער און זשילעטקעס?...

— מילא, ביכער, זאָגט איר, זענט איר אונז מוחל. ווער דאַרף היינט ביכער? נאָר איר זאָגט, אַז מיר פרעסן אויף אייערע פראָ־דוקטן. איז עס אַ ליגן. אַזעלכע נאַראָנים זענען מיר נישט. מיר האָבן זיך אַפילו אַמאָל צוגערירט, האָבן מיר שיעור נישט באַצאָלט מיטן לעבן, און צוריק גערעדט, אַז מיר עסן אויף אייערע שפייז־פּראָדוקטן, אייער פוטער, פלייש, קעז, שמאַלץ, מעל, איז דאָך גע־זונטער פאַר אייך... און איר דאַרפט אונז מכיר טובה זיין.

— זעט איר, פאַר אייער סם האָבן מיר דווקא קיין מורא נישט. ערשטנס, ווייל אייער סם איז אויך ערזאַץ און פאַלסיפיקאַט. און בכלל וואָס פאַר אַ ווערט עס האָט פאַר אונז, מייז, אייער סם, מעג אַפילו זיין „טאַל״, נאָכדעם, וואָס יעדער פון אונז האָט זיך אָנגע־פרעסן מיט קאָמפּלעטן פון „דזיעננניק נאַראָדאָווי״, מיט נאָוואַ־טשינסקיס אַרטיקלען, פּראָפ. ריבאַרסקיס דרשות און נאַראַ־פּראָק־לאַמאַציעס, — אַזוי פיל גיפט, פעך און שוועבל?!

— דאָס זעלבע מיט וואַסערדיקע אַרטיקלען. נישט איינע פון אונז האָט באַקומען אַ וואַסער־קאָפּ. איר זעט אָט דעם אויסגעבראָ־כענעם צאָן? דאָס איז דערפון, וואָס איך האָב יענע וואָך געגרי־זשעט אַ האַרטן אַרטיקל פון איינעם פון אייערע אָנגעזעענע פּובלי־ציסטן!

— און איצט, אַז איר זעט שוין באַשיינפּערלעך, ווי נוצלעך מיר זענען אויפן פעלד פון ליטעראַטור און וויסנשאַפט, און בכלל ווי מיר זענען נייטיק אין דער וועלט פון פּאַפּיר, טאָ פאַרוואָס קומט אונז אויסצוראָטן?

— ועל כולם, פאַרשטיי איך נישט, — האָט דאָס מייזל פּאַר־ענדיקט, — וואָס טראַכטן וועגן דעם די מענער, איז די פאַרהייראַ־טע מענער? ווי פאַלט זיי איין אָנויילצונעמען אין אינזער אויס־ראָטונגס־אַקציע, נאָכדעם, ווי זיי ווייסן, אַז מיר זענען די איינצי־קע זאַך, פאַר וואָס זייערע ווייבער ציטערן אימת־מות? עפּעס מוז דאָך זיין א באַשעפעניש, פאַר וואָס ווייבער זאָלן מורא האָבן!

— ניין. איך געפין, אַז דאָס אויסראָטן אונז איז נישט רעכט לכל־הדעות. און מיר וועלן נישט שווייגן! מיר וועלן אַפּעלירן צו אונזער מיקי־מויז, אונזער וועלט־באַרימטע אַרטיסטין אין אַמעריקע, וואָס וועט זיך זיכער אָננעמען פאַר אונז. און מיר האָפן אייך, אַז אונזער פאַמיליע־פּאַרוואַנדטער, רעדאַקטאָר פון די „ליטעראַ־רישע בלעטער", נחמן מייזיל, — ווי אויך דער קהלה־קאָמיסאַר, מאָוריצי מייזעל — וועלן זיך אויך איינשטעלן פאַר אונז און נישט לאָזן אונז באַוועלטיקן.

— די וועלט איז נישט הפקר.

# אַ פּרנסה פון זיצן

(אַ ווינקל אין זאַקסישן גאָרטן. אַ ריי שטולן אויסגעשטעלט אין אַ זייטיקער אַליי. אַ ייִדל מיט אַ ביכעלע בילעטן דרייט זיך אַרום און רופט:)

— נו, ווער וויל זיך אַ ביסל צוזעצן? קומט, ר׳ קרוב, זעצט זיך דאָ אַ ביסל אויף מײַנס אַ בענקל. צען גראָשן אַ בילעט... אַט אַזוי... זיצט געזונט... פֿאַראַן פֿאַרשידענע זיצעכצער אויף דער וועלט. ווער עס זיצט אין געהאַקטע צרות, ווער עס זיצט אויף שפּילקעס, ווער — אויף הייסע קוילן... בײַ מיר זיצט מען אויף עלעגאַנטע בענקלעך.

דאָס, וואָס איר זעט, זענען מײַנע בענקלעך; מײַן קאָנצעסיע... אַז אַלע פֿרײַע בענק אין גאָרטן זענען באַזעצט, קומט מען זיך צו־זעצן בײַ מיר.

אַ פּריזירער מאַכט אַ לעבן פֿון קאָפּ־מלאכה; איך מאַך אַ לעבן פֿון זיץ־מלאכה... אַזאַ געשעפֿט איז עס: זיצט מען, שטייט דאָס געשעפֿט גוט; זיצט מען נישט, — ליגט דאָס געשעפֿט אין דער ערד...

ייִדן! ווער וויל זיצן, — צען גראָשן אַ בילעט! אייגנ־זעלעך, האָט עס באַדאַרפֿט זײַן אַ גוט געשעפֿט. וואָרום ווער שטייט היינט אויף די פֿיס? און פֿונדעסטוועגן... אַ ביטערע פּרנסה...

העי, זײַט אַזוי גוט, ר׳ קרוב, קומט, זעצט זיך אַ ביסל בײַ מיר אויך אַמאָל, — נישט קיין בענקל איז עס, נאָר אַ טראָן. דער נעגוס וואָלט זיך מחיה געווען... זיצט, זיצט. נאָט אײַך אַ בילעט... וואָס? איר זענט שוין געזעסן? אָ!... ווי לאַנג? סך־הכּל דרײַ יאָר?

וויפל האָט אָנגעטראָפן אייער גנבהלע? 30 טויזנט זלאָטעס? ביי מיר קאָנט איר זיצן פאַר ביליקער, 10 גראָשן אַ בילעט. זיצט, ווי לאַנג איר ווילט און אָן אַ פּראָטעקציע...

אָ, פּאַניע פּרעזעס! מיין האָכאַכטונג! זעצט זיך צו אַביסל. אָט, דאָ אויף מיינס אַ בענקל. איר זענט דאָך אַן אַלטער, געניטער פאַר־זיצער; איר זיצט דאָך אויף 17 בענקלעך; זעצט זיך צו ביי מיר אויך אַביסל. זאָל מיינס אַ בענקל אויך האָבן די זכיה צו פאַרזוכן פון הויכגעשעצטער וואָגיקייט. 10 גראָשן — אַ בילעט. וואָס? איר זענט געוווינט פאַר אַ בענקל נישט צו צאָלן? איר זענט געוווינט פון אַ בענקל צו פאַרדינען? איר זענט דאָך עפּעס אַן אוהב ישראל און אַ מענטשן־פריינט, גיט אַמאָל אַ צווייטן אויך די געלעגנהייט פון אַ בענקל צו פאַרדינען.

און איר, הער דירעקטאָר! וואָס לויפט איר אַזוי? זיצט, זיצט... האָט נישט קיין מורא, ס'איז נישט קיין באַשולדיקונגס־באַנק. אַ פּשוטע שטול. 10 גראָשן אַ בילעט... וואָס? איר זענט נישט גע־וווינט צו זיצן אויף דער פרייער לופט, נאָר הינטער קראַטעס? ווי זאָל איך אייך נעמען קראַטעס? זיצט, זיצט, איך בעט אייך, אַמאָל אויף דער פרייער לופט...

אָ, וועמען זע איך! פּאַניע קאָמאָרניק! נעמט אַ שטול, אָבער זייט מוחל, נעמט עס נישט אין אייער שטייער־אַמט אַריין... דאָס איז דאָך מיין אַרבעט־געציייג, מיין וואַרשטאַט. נעמט איר אַוועק ביי מיר דאָס ביסל זיצעכץ־מאַטעריאַל, בלייב איך זיצן אָן ברויט, אויף דער סאַמע פליייש־באַנק. איר קאָנט זיך דאָ צוזעצן, אָנשעם. איר קאָנט דאָ אַפילו אָפּזיצן דעם חוב פון מיינע פּאַדאַטקעס, וואָס איך בין שולדיק פון יעדן געזעס. ווען איר זיצט ביי מיר אַ גאַנצן זו־מער, זענען מיר זיכער שוין באַלד קוויט.

מאַדאַם, מאַדאַם! אויף צו זיצן אויף צוויי שטולן, דאַרף מען האָבן צוויי בילעטן... איך בין נישט שולדיק, וואָס זי זענען זיך, קיין עין־הרע, אַזוי צעוואַקסן אינם אינטערבאַוווסטזיין. גיבן זי אַכ־טונג, נישט צו צעברעכן די בענקלעך. עס איז נישט קיין לאָדזשער שטאָט־ראָט און נישט קיין קהלה, און האָבן זי דווקא אַ חשק צו צעברעכן אַ בענקל, האָבן זי דאָך אינס אייגענעם מאַן, זאָל לעבן...

און איר, ר׳ יידל, וואָס האָט איר זיך דאָ צעלייגט אויף די בענקלעך?!... איר ווילט שלאָפן, טאָ גייט אין קונסט־טעאַטער אָדער אין סיים אַריין אין אַ קאָמיסיע. דאָ קאָסט אַ בענקל 10 גראָשן. וואָס? מען האָט אייך אַרויסגעוואָרפן פון דער דירה? האָט איר דאָך אייער אייגענעם דרויסן; ביי מיר איז דאָך נישט קיין „גראַנד האָטעל״.

פון וואַנען איז אַ ייִד? פון בערלין? נו, מעגט איר דאָך אַוודאי זיך צוזעצן. אין דער היים אויף אייער בענקל זיצט שוין אַ קאָמיסאַר.

יידן, שטולן! שטולן! מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן... ביי מיר זענען נישטאָ קיין שום טאָטאַלע בענקלעך, נישט קיין לינקע און נישט קיין רעכטע. ביי מיר זענען נישטאָ קיין אוניווערזיטעט־בענקלעך, נישט קיין געלע בענק און אויך נישט קיין צאָפּאָטער קור־פּאַרק־בענקלעך; ביי מיר זענען אַלע גלייך, דעמאָקראַטישע, טאָלעראַנטע בענקלעך, אָן אַריער־פּאַראַגראַף און אָן ראַסן־שאַנד.

און איר, ר׳ סוחר, וואָס יאָגט איר זיך אַזוי? נאָך אַ הלוואהלע? אומזיסט די טרחה... אַ שאָד צערייסן שיך... זעצט זיך בעסער צו אָט דאָ, אויף מיינס אַ בענקל. 10 גראָשן אַ בילעט. באַלד וועט איר דאָ האָבן נאָך זיצער, וועט איר קאָנען כאַפּן אַ גמילת־חסד, אַ שמועס וועגן פּאָליטיק, אין אַ נויט — אַ שמעק טאַבאַק... מיינע שטולן שטייען אין אַ זייטיקער אַליי; קיין בעל־חוב וועט אייך דאָ נישט געפינען. איר קאָנט דאָ אַפילו כאַפּן אַ דרימל, אָדער סתּם כאַפּן פליגן. עלעהיי, איר זיצט אין געשעפט... און ווייטער, אינדערהיים האָט איר דאָך סיי־ווי שוין לאַנג נישט אויף וואָס צו זיצן... די בענקלעך אייערע שטייען דאָך שוין מסתּמא אין די סקלאַדעס פון שטייער־אַמט? וואָס? טאָ זיצט דאָ... אויף אַ וועקסל? אַ דאַנק! ביי מיר זיצט מען נישט אויף קרעדיט; ביי מיר איז אַ געשעפט פון זיצן און נישט פון „אָנזעצן״...

און איר, קאַוואַלער! וואָס בלאָנקעט איר זיך אַרום ווי אַן אבל? זעצט זיך בעסער צו. אויף מיינס אַ בענקל איז מזלדיק צו זיצן. פאַראַכטאָגן האָבן זיך דאָ באַגעגנט אַ בחור מיט אַ פאַרזעסענער מויד, וואָס איז דאָ געזעסן און האָבן דאָ חתונה געהאַט באַלד

אויפצומאַרגנס און נעכטן איז שוין געווען דער „גט“... וואָס? איר זענט נישט קיין קאַוואַלער? איר זענט גאָר אַ באַלעבעסל! איר זיצט אויף קעסט? קיין קעסט קאָן איך אייך נישט געבן... זיצט סתם אַזוי אַביסל... קיין צייטונג האָב איך נישט... באַלד וועט אַהערקומען אַ ייד מיט אַ צייטונג, וועט איר קאָנען אויך כאַפּן אַ קוק... אַן אייגענער לעזע־זאַל...

און איר, ר׳ פעטער, וואָס לויפט איר אַזוי? איר לויפט אַלס קאַנדידאַט צום סיים, צום שטאָט־ראַט? אַרויסגעוואָרפן די טרחה. אַנשטאָט לויפן, זעצט זיך צו דאָ אויף מיינס אַ בענקל. די געזונטע יאָר זאָל איך האָבן, ווי צו זיצן אויף מיינס אַ בענקל איז געזונטער, אײדער צו זיצן אין סיים אָדער אין שטאָט־ראַט און הערן די דרשות.

שטייט באַר... ווו איז אַהינגעקומען דאָס דאַזיקע בענקל? האַ?... געווען, דאַכט זיך, גאַנצע צוועלף בענקלעך און איצט איז נישטאָ מער ווי עלף... אַהאַ! מיט אַ שעה צוריק איז דאָ געזעסן אַ פינאַנציעלער דיגניטאַזש, האָט ער אַוועקגעלקחנט אַ בענקל... אָט האָט איר אייך מיינע פּרנסות...

זיצן, יידן! זיצן! ווער וויל זיצן? פאַלגט מיך, זיצט. אַז איר וועט זיצן, וועט איר נישט דאַרפן גיין. וואָרום, פאַר נישט קאָנען גיין, דאַרף מען צאָלן אַ זלאָטע... טאָ זיצט־זשע שוין בעסער פאַר 10 גראָשן אַ בילעט. יידן, זיצן!

# די חכמה פון רעדן און שרייבן קורץ

עס קאַכט איצט מיט אַ שווידערלעכן לינטש־מאָרד, וואָס איז פאָרגעקומען אין אונזער קולטור־פאַריין.

אין מיטן דער גלענצנדיקער און גייסטרייכער לעקציע פון ד״ר מאַרודניק לאַנגזאַמציער, אויף דער טעמע: „די קונץ פון רעדן און שרייבן קורץ״, האָט דאָס פובליקום אַראָפּגעשלעפּט דעם פרעלעגענט פון דער טריבונע און אים געלינטשט.

דער רעפעראַט האָט געדויערט דריי שעה און איז געווען איינגעטיילט אין צוויי טיילן מיט טעזן, פרייע דיסקוסיע, פראַגן און ענטפערס, און מיט פאָרטזעצונגען אויף מאָרגן און איבער־מאָרגן.

צווישן אַנדערן האָט דער רעפערענט געזאָגט פאָלגנדיקס:

...די צרה, מיינע פריינט, פון היינטיקן רעדן און שרייבן איז דער איבערפלוס פון ווערטער, דער איבערפלוס... אַנשטאָט מקצר צו זיין, איז מען מאריך בלשון, איז מען מאריך... ווי האָט געזאָגט האַמלעט, זאָגט ער, דער דענישער פרינץ, מאַכט ער: ווערטער, ווערטער, ווערטער... זאָגט דער דענישער פרינץ, מאַכט ער.

יאָ...

נעמט אַ היינטיקן אַרטיקל. עס גיסט, עס פליסט, און עס רעגנט, און עס מבולט, און עס פלייצט, און עס שטראָמט, און עס ריזלט, און עס פלוכעט, און עס כליאָפּעט, אַז מען ווערט, ע־ע... פאַרכלינעט פון ווערטער, ווערט מען פאַרכלינעט, זאָגט ער...

און איך פרעג אייך שלשה דברים, צוויי ווערטער, פרעג איך:

פּאַרוואָס זאָל מען זיך נישט פּאַסן קורץ? פּאַרוואָס זאָל דאָס זאָגעכץ נישט זיין געפּרעסט, ווי פייגן? געפּרעסט, ווי וועש דורך אַ וויזמאַטשקע, גערעמפּט, ווי קאַלבאַס, און... און... עטצעטעראַ, עטצעטעראַ...

יאָ...

איז אָבער די תּאווה פון באַרעדעוודיקייט ביי אונז זייער גרויס, אַז מען ווערט דערטרינקען אין כוואַליעס וואַסער, ווערט מען דערטרינקען, ווערט מען... אַ געדאַנק, וואָס קאָן אַרויסגעזאָגט ווערן אין צוויי געציילטע ווערטער, ווי ביי מיר, — ווערט צעבלאָזן, געשוואָלן, צעלאָזן, צעצויגן, צעלייגט אויף טעלערלעך, צעשמירט, צעקייט, געמעלה־גירהט, געקוואַטשט, געטשאַקעט, געשמאַטשקעט, גע... גע... גע... און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. וואָס־זשע ווערט דערפון? פון דעם אַלעמען באַקומט מען אַ הודזשעניש אין קאָפּ, אַ שומעניש אין מוח, אַ גרילצעניש אין בויך און וואַסער אין אויערן. אָדער פאַרקערט: אַ הודזשעניש אין מוח, אַ שומעניש אין קאָפּ און אַ גרילצעניש אין די אויערן... באַקומט מען...

יאָ...

קורץ קורצום: די קללה פון דער צייט איז, וואָס מענטשן האָבן ליב צו שטויסן שטרוי, האַקן אַ טשייניק, דרעשן וואַסער, מאָלן פליעווע, שיטן פון אַ לעכערדיקן זאַק וכדומה, האָט מען ליב...

און איך וועל אייך פרעגן, וועל איך אייך פרעגן: וואָס איז דאָס גאַנצע שטויסעניש שטרוי, וואָס מען שטויסט? און דאָס וואַסער־דרעשעניש, פון וואַסער, וואָס מען דרעשט? און דאָס פליעווע־מאָלעניש, וואָס מען מאָלט? און דאָס טשייניק־האַקעניש, וואָס מען האַקט? און דאָס שיטעניש פון אַ לעכערדיקן זאַק, וואָס מען שיט? וואָס מען?...

אָט האָב איך, למשל, נעכטן גענומען אַן אַרטיקל פון 4300 שורות, האָב איך, און געמאַכט דערפון אַ קיצור ביז 3210 שורות בלויז און יוצא. קורץ, בתּכלית הקיצורדיקן קיצור.

יאָ...

ע־ע־ע, איז ווו האלטן מיר? יא.

לערנט זיך פון מיר, לערנט זיך. איך האב ליב קורצקייט. איך האב ליב קורצקייט, מאך איך עס קורץ. און טאמער וועל איך היינט נישט קאנען אויסשעפן די גאנצע טעמע פאר איינמאל, וועל איך נישט קאנען, וועלן מיר אינקורצן מוזן מאכן א פארטזעצונגס־רעפעראט אויף דער טעמע: „ווי אזוי צו רעדן און שרייבן קורץ", וועלן מיר... און אפשר טאקע דריי רעפעראטן, א סעריע לעקציעס אין עטלעכע ציקלען. וועלן מיר מוזן מאכן, וועלן מיר, ווי אזוי צו רעדן און שרייבן קורץ.

יא...

---

קורץ — דער סוף איז, ווי מיר האבן איך דערציילט, געווען א טרויעריקער. אויפן צווייטן רעפעראט האט דאס פובליקום אים געלינטשט און געמאכט מיט א קאפ קירצער.

# עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע

אונזער געזעלשאַפט „עמיגראַציע פון רעגולאַציע", „עמיגרעג", וואָס איז אַנטשטאַנען פון די געזעלשאַפטן „ס. ס.", „הכנסת אורחים", „יעקאָפּאָ", „ חברה־ש"ס", „מפיצי־השכלה", „הזמיר" און „שניאורס כאָר", האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרומצורייזן די וועלט אין לוקס־צוגן, רעסטאָראַציע־וואַגאָנען און „סליפּינגס" און אויסצוזוכן נייע וועגן, טעריטאָריעס און עמיגראַציע־מעגלעכקייטן פאַר אַ מאַסן־עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע פון יידישן פאָלק.

אַרויסגייענדיק פון דער דאָזיקער הנחה, און פון דער הנחה, אַז מען דאַרף אַ יידישן אינטעליגענט געבן פּרנסה, האָט אונזער „עמיגרעג" אַרויסגעשיקט פאָלגנדיקע משולחים, רייזע־פאָרשער, מ י ט וואַליזעס און אָ ן וואַליזעס, ספּעצן אויפן געביט פון פאָרעכץ און לאַנד־קענטעניש, ווי: דעם משולח ד"ר זאַנוול פּינעס, געוועזענער פירער פון די אויספלוגן פון „קולטור־ליגע" איבער קוזמיר און אומגעגנט; אַ געניטער אין די ענינים פון קאָלאָניזאַציע, ווייל ער האָט אַמאָל געפירט אַ שפּייז־קרעמל מיט קאָלאָניאַל־אַרטיקלען, ווי: קאַווע, רייז, פייגן, פעפער וכדומה; ד"ר אַבראַם קאַץ, אַגראָנאָם, דענטיסט און טיי־פּלאַנטאַטאָר (געוועזענער וואָיאַזשאָר פון וויסאָצקיס טיי), ווי אויך ד"ר בערעק לאַטוך, עקספּעדיטאָר אויף דער וואַרשע—אָטוואָצקער ליניע און וואָס איז געניט אין אַלע רייזע־פּלענער פון דער הינטער־שטאָטישער קאָמוניקאַציע.

די דאָזיקע דריי שליחים האָבן געמאַכט די אמתע רייזע, און

אַט זענען די רעזולטאַטן פון זייער לאַנד־ און טעריטאָריע־אויס־פאָרשונגען.

## מאַנטשעסטער

דאָס איז אַ שטאָט, וואָס ליגט מעבר־לים, צווישן לאָדזש און אירלאַנד. באַזעצט פון אַ האַלבן מיליאָן באַפעלקערונג, אַ חוץ ווייבער. די באַפעלקערונג באַשטייט פון מאַנופאַקטוריסטן, אַ גרויסער אינדוסטריעלער צענטער פון קאַמגאַרן און פּושענדזע. פאַר קאָלאָניזאַציע איז די שטאָט נישט גינסטיק צוליב דער גרויסער צאָל קוימענס, ווי אויך צוליב דער גרויסער צאָל ענגלענדער ווען די ענגלענדער מיט זייערע קוימענס זאָלן וועלן עמיגרירן אוי אויסזוכן פאַר זיך אַן אַנדער טעריטאָריע, וואָלטן יידן זיך געקאָנט באַזעצן אין מאַנטשעסטער. נאָר אַזוי ווי ענגלענדער ווילן נישט, איז נישט גוט.

## אַטלאַנטידאַ

דאָס לאַנד, זאָגט מען, ליגט אין מיטל־אַפריקע. דאָס לאַנד איז פריי פאַר אַ יידישער איינוואַנדערונג, נאָר מען ווייסט נישט, ווי אַזוי מען קומט אַהין צו. מען שמועסט, אַז דאָס לאַנד זאָל זיין אַ פאַרשאָטענער אָאַזיס, אָדער סתם אַ לעגענדע. דער פראַנצויזישער שרייבער בענואַ האָט עס באַשריבן אין די שענסטע פאַרבן. מען האָט דערפון אַפילו שוין געמאַכט אַ פלאַן, נאָר אָנווייזן גענוי, ווו דאָס דאָזיקע לעגענדאַרישע לאַנד געפינט זיך, קאָן מען נישט, ווי מען קאָן נישט וויסן, ווו עס קומט אַהין דאָס געלט פון די פילאַנטראָפּישע קאַסעס.

## האָליוווד

דער קלימאַט איז אַ געזונטער. דער באָדן פּרוכטבאַר. גרויסע נאַטור־אוצרות. די עמיגראַנטן וואָלטן זיכער באַקומען אַ ברייטע זעלבסטפאַרוואַלטונג, גרויסע סובווענצן, פאַרטיקן אינוועטאַר און

אַפילו פּאַרטיקן קאַפּיטאַל, ווען... ווען מען וואָלט עס זיי נאָר וועלן געבן.

לויט דער איניציאַטיוו פון אונזערע פּאַרשער, דעם עקאָנאָ־מיסט דער פּאָעט כיריק און פינאַנסיסט גאָלאָדאַיעץ, וואָס זענען געווען אין האָליוווד, זאָגן, אַז אין יענעם לאַנד איז דאָ אַ גרויס געראַטעניש אויף פילם־סטאַרס, פון וועלכע מען קאָן מאַכן אַ שיין לעבן. עס איז דעריבער געווונטשן, אַז יידן זאָלן זיך דערווייל אָפּ־געבן מיט דער ווירטשאַפט פון פילם־סטאַר־צוכט, און צושיקן זייערע פאָטאָגראַפישע בילדער, צו זען, צי איז דאָס יידישע פאָלק פאָטאָגעניש, וואָס קאָן אונז צונוץ־קומען, אויב מען וועט אונז אַוועקגעבן דאָס לאַנד.

## סאַן־סאַקאָ־פאַנדרע

אַ טערקישע קאָלאָניע אויף די קאַנאַדישע אינזלען, וואָס איי־נע אַ רעגירונג וויל אונז אַוועקשענקען לעולם ועד, אָן שום באַ־לוינונג. אַ ליטווישער מיניסטער האָט זיך אַפילו אויסגעדריקט, אַז די יידישע עמיגראַציע אויף דעם דאָזיקן אינזל איז אים זייער סימ־פּאַטיש. נישט מער, די טערקישע רעגירונג גיט נישט איר הסכמה. די אונטערהאַנדלונג. וואָס אונזערע שליחים האָבן געפירט מיטן וואַרשעווער טערקישן בעקער אין „באַספאַר“, האָבן נישט געבראַכט צו קיין גינסטיקע רעזולטאַטן. וואָס אַנבאַלאַנגט טערקישע ביס, קאָן מען עס באַקומען אין וואַרשע.

## מאַראָקאָ, בידגאָשטש, צאָפּאָט און בוקאַרעשט

אונזערע פּאָרשער האָבן נאָך באַזוכט אַ ריי רייזע־ביוראָס, ווי: „אָרביס“, „קוק“, „וואַגאָן־ליטס“, לאַנדקענטשאַפט ־ ביוראָס א. אַנד. און שטיצנדיק זיך אויף אַ גאַנצע ריי פּלאַקאַטן און פּראָס־פּעקטן, ווי אויך אויף דער עקספּערטיזע פון אייגענער פּראַקטישער און אומדערמידלעכער אויספאָרשונגס־אַרבעט, — האָבן זיי אויסגע־

פונעך, אַז נישט מאַראָקאָ און נישט בידגאָשטש און נישט צאָפּאָט און אַפילו נישט בוקאַרעשט טויגן נישט פאַר אַ יידישער מאַסן־עמיגראַציע, סיידן אויף טוריסטיק, אויב מען קאָן קריגן אַ וויזע.
עמיגראַציע, סיידן אויף טוריסטיק, אויב מען קאָן קריגן געלט און אַ וויזע.

## טורקאַבירי־טורבאַקאַן

אַ האַלב־אינזל, וואָס ליגט צוויי קילאָמעטער פון ביק־באַק־בוק און צוויי וויאָרסט פון זאַוויכראָסט אין אינדאָכינע. אַ הייסע געגנט. די באַפעלקערונג באַשטייט פון ווילדע פּאַפּואַסן, קאַניבאַלן און מענטשן־פרעסער. פאַר די יידן פון מיטל־אייראָפּע איז עס אָבער נישט שרעקלעך און זיי וועלן זיך פילן, פונקט ווי ביי זיך אין דער היים. אַדרבא, יידן וועלן דאָרט קאָנען האַנדלען מיט וואָלקאַנען, ווירבל־ווינטן און פאַטאַ־מאָרגאַנעס אויף אימפּאָרט און עקספּאָרט. קאָלאָניסטן וועלן דאָרט זיין פריי פון אָפּצאָל און האָבן אַ פרייען איינגאַנג אין מדבר.

## פּלאַנעטאַרקאַ

ווי אונזערע שליחים מעלדן, זאָלן זיי האָבן געהערט פון אייגעם פון די פּראָפעסאָרן, וואָס אַרבעטן אויף דער „יונגפרוי" (אַ באַרג אַזאַ) אין דער דאָרטיקער אָבסערוואַטאָריע, זאָל לעצטנס האָבן פּאָרגעקומען אַ גרויסע סענסאַציאָנעלע אַסטראָנאָמישע אַנטדעקונג, וואָס וועט פאַר דער עמיגראַציע־טעטיקייט פון אונזער „עמיגרעג" האָבן גאָר אַ גרויסע באַדייטונג.

עס איז, נעמלעך, אַנטדעקט געוואָרן אַ קליינער פּלאַנעט, „פּלאַנעטאַרקאַ", וואָס קומט פון דער ווייטער אומענדלעכקייט. עס איז שוין דורכגעגאַנגען די ספערן פון פיל זון־סיסטעמען. לעצטנס איז די פּלאַנעטאַרקאַ אויך דורכגעגאַנגען די אָרביטע פון אונזער זון־סיסטעם, און גייט אין דער ריכטונג פון אונזער ערד. אַזוי, אַז אין קומענדיקן חודש זאָל די פּלאַנעטאַרקאַ זיין גאָר נאָענט צו

אונזער ערד, סך־הכל ניין מיליאָן קילאָמעטער. אונזערע שליחים קלייבן זיך שוין אהין אַריבערכאַפּן צוליב עמיגראַציע־פאָרשונגען, זיי בעטן שוין אויף הוצאות.

די פראַנצויזישע ריוויערע

דערווייל זיצן אונזערע שליחים אין ניצע, האָטעל „קאַרל־טאָן" און זוכן נאָך אַלץ עמיגראַציע־מעגלעכקייטן פאַר די יידישע מאַסן.

# סטראַטאָספערע

איך האָב זיך מתקנא געווען אין די סטראַטאָספערע־פליער און איך האָב באַשלאָסן אויך צו מאַכן אַזאַ פלי.

אין פלוג באַדאַרף איך אייגנטלעך נישט קיין באַלאָן און נישט קיין גאָנדאָלע און נישט די אַלע איבעריקע מכשירים. איך דאַרף אַפילו נישט קיין פּאַסיק וועטער און קיין גוטע אַטמאָספערישע באַדינגונגען.

איך קאָן פליען ווען איך וויל, און ווי הויך איך וויל. איך האָב מיר מיין אייגענע פלי־דערפינדונג.

איך קאָן, למשל, איבערלייענען אַן אַרטיקל אין „א. ב. צ.״, עס זאָל מיך געבן אַ הויב פון אָרט אויף אַ דריי טויזנט מעטער הויך. דאָרט קאָן איך ווידער איבערלייענען אַ נייע ציונישע פאַראָרדענונג וועגן יידן־באַגרענעצונגען, עס זאָל מיך ווידער אַ הויב טון אויף נייע דריי טויזנט מעטער הויך. ווייטער קאָן איך איבערלייענען וועגן אַ גירוש פון יידישע פליטים ערגעץ אויף אַ גרענעץ, עס זאָל מיך ווייטער הויבן פון אָרט. און נאָך און נאָך אַזעלכע נייעס און איך וועל זיך מוזן הויבן און הויבן ראַקעטע־מעסיק און דערגרייכן די העכסטע רעקאָרדאָווע הויך, וואָס קיין איין סטראַטאָספערע־פליער האָט נאָך נישט דערגרייכט.

נאָר איך וויל נישט באַנוצן דאָס דאָזיקע מיטל, און האָב באַשלאָסן צו פליען ווי אַלע פליער, מיט אַ באַלאָן און אַ גאָנדאָלע, מיט די נויטיקע פלעשער גאַז און פליסיקייטן און מיט אַלע זיבן זאַכן.

איך בין געפלויגן, און מיין פלי באַשריבן אין אַ טאָג־בוך, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אין אַ שעה־בוך, אָדער אַ מינוט־בוך. און אַזוי זעט עס אויס:

3 אַ זייגער נאָך האַלבער נאַכט.

עס ווילט זיך מיר זייער שלאָפן. איך וואָלט אַוועקגעגעבן מי־יודע וויפל צו ליגן נאָך אַביסל אין בעט. איך האָב שוין חרטה אויף דעם גאַנצן עסק. אַ משוגעת האָט מיך אָנגעטראָגן צו וועלן פליען אַהין, ווי הייסט עס דאָרט: „סטראַטאָספערע". פאַרפאַלן, חרטה איז נישט מעשה סוחר. וואָרום עס איז דאָך אַ חרפה. אויב אַנדערע פעלקער, וואָס זענען איינגעפונדעוועטע אויף דער ערד, פליען צו דער סטראַטאָספערע, מעג איך דאָך, אַ ספעץ אין לופט־געשעפטן, אַוודאי וויזן, וואָס איך קען.

3 אַ זייגער מיט 5 מינוט.

איך טו אָן די שיך, די הויזן און דעם גאַנצן אָנצוג. אָסור אויב איך ווייס, וועלכע מאָדע מען טראָגט דאָרט אין דער סטראַ־טאָספערע.

10 מינוט נאָך 3.

מען מוז זיך אַביסל צואיילן. עס ווערט שוין באַלד גרויסער טאָג. 7 אַ זייגער וועט שוין קומען די מילך־יידענע, וואָס איר קומט שוין פאַר 2 וואָכן. נאָכדעם דער פליישׂ־ייד. נאָכדעם דער הויז־אַדמיניסטראַטאָר. נאָכדעם דאַרף קומען צו מיר אַ דראַמאַ־טורג ליינען זיך דראַמע, נאָכדעם אַ פּאָעט מיט צוויי פּאָעמעס. מען מוז וואָס גיכער מאַכן פּליטה צו דער, ווי הייסט עס דאָרט: סטראַטאָספערע.

15 מינוט שפּעטער.

געווען ביי מיר אַ וואַרשעווער סוחר. געבעטן זיך, איך זאָל אים מיטנעמען צו דער סטראַטאָספערע. ער וויל, זאָגט ער, אַראָפּ־שפּרינגען פון דער הויך, פון סאַמע 16 טויזנט מעטער, אים איז שוין מיאוס־און־מאוס געוואָרן, זאָגט ער, צו שפּרינגען פון פערטן

שטאָק. נישקשה, זאָגט ער, לויט ווי ער ליגט טיף אין דער ערד, מעג ער פליען פון דעם גרעסטער הויך, ווי די חסידים זינגען אין „דיבוק": „פון דער טיפסטער טיפעניש צו דער העכסטער הויך און אומגעקערט". איך האָב אים אָפּגעזאָגט.

האַלב פיר.

מען דאַרף אָנפילן דעם באַלאָן. איך זוך עפּעס לייכטן שטאָף און פּרוּוו נעמען די וואָג פון וואַל־הבטחות. אַביסל לייכטזיניקייט פון אַ וואַרשעווער פריילין, אַביסל מליצה פון אַ פּובליציסט, אַ פּאַרציע פלייש פון דער אָרעמער קהלה־קיך. אַביסל געהירן פון אַ דאָזאָר, די וויסנשאַפט פון אַ נאַצי־פּראָפעסאָר, מיין בייטל פאַר געלט, מסחר־לופט, דעם ממשותדיקן אינהאַלט פון אַ היינטיק בוך, אַלע אונזערע זייפנבלאָזן־פּלענער און נאָך אַזעלכע שטאָפן. איך פּרוּוו אָנפילן דערמיט דעם באַלאָן, און איך בין צופרידן, עס איז אַ גענוג לייכטער שטאָף. דער באַלאָן וועט פליען.

דריי פערטל אויף פיר.

מען דאַרף שוין קריכן אין גאָנדאָלע. געקומען מענטשן אָנ־קוקן דעם בייז־וווּנדער. מיינע קרובים באַדויערן. זיי ציטערן פאַר מיר, באשר — איך נעם אונטער אַזאַ געפערלעכע רייזע. זיי האַלטן דאָס פאַר אַ סכנה. „טפשים — זאָג איך זיי — איך פאָר דען קיין ווין? אָדער קיין דאַנציג, אָדער, צי פאָר איך דען קיין באַרצעלאָנע, קיין מאַנדזשוקאָ? איך פאָר סך־הכל צו דער סטראַטאָספּערע. און איך מיין, אַז דאָרט איז אפשר זיכערער, ווי אין זאַקסישן גאָרטן, אָדער אויף אַ זומער־וווינונג אַרום וואַרשע — אָדער סתם אויף דער באַן.

27 מינוט נאָך האַלב פיר.

אָוואַ! וויפל מענטשן עס זענען אָנגעקומען. אין די צענדלי־קער טויזנטער. אַלע ווילן זיי אַוודאי מיט מיר מיטפאָרן. אַלע ווילן זיי אַנטלויפן פון דער ליבהאַרציקער וועלט. אַזוי האָט מסתמא אויסגעזען דאָס אָפּשווימען פון נחן מיט זיין תיבה בשעתן מבול. איך קאָן זיי אָבער אַלעמען נישט אַריינגעמען. מיין גאָנדאָלע איז

קליין. קוים וואָס איך האָב דאָרט פּלאַץ פאַר מיר און פאַר מיין וואַליזע.

פּונקט 4.

איך קריך אין דער גאָנדאָלע. די שווערע משאות אויף אַרויסצוּוואַרפן אונטערוועגס זענען שוין דאָ. דאָ ליגן 2 אַרטיקלען פון אורי צבי גרינבערג, אַ קאָטלעט פון אַ וואַרשעווער רעסטאָראַן, וואָס איז האַרט ווי אַ שטיין, די שווערע עברי פון אַ יידישער צייטונג אין סאָוויעטן־רוסלאַנד, אַ שטיקל קריזיס, מיין שווער געמיט, אַ פאַר שווערע שפּראַך־פּראָבלעמען און נאָך אַזעלכע שווערע זאַכן. איך בין גרייט צו פאָרן.

4 מיט 2 מינוטן.

איך פלי. דער וועג איז דאָ אויסגעצייכנט. איך שטעל מיר פאָר, וואָס מיין עקזעקוטאָר אונטן זאָגט. ער ווערט אַוודאי צעזעצט. איך קווער, איך וואָלט וועלן זען, צי וועט ער מיר דאָ קאָנען מאַכן אַ „זאַיענטשע”. הכּלל, איך בין שוין אין דער הויך. זייער הויך, איבער אונזער ערד, און האָב די גאַנצע ערד אין דער ערד.

12 מינוט נאָך פיר.

איך בין אין דער הויך פון 13 טויזנט קילאָמעטער. אַ נחת צו פליען! אויפן גאַנצן וועג זעט מען נישט קיין איין צעבראָכענעם אויטאָ און קיין איין איבערגעקערטן אויטאָבוס. מען זעט דאָ נישט קיין פאַרטייאישע נקמה־אַקטן. דאָ איז די פאַרטייאישע אַטמאָספער בכלל נישט אַזוי הייס. די גרעסטע פאַרטיי האָט דאָ אַפילו נישט קיין פּלאַטפאָרם. דאָ איז דאָס וועטער זייער אַ קאַלטס. פאַר די יידישע מאַנופאַקטוריסטן, באַנקירן, גאַלאַנטעריע־סוחרים, וואָס האַנדלען איצט מיט סאָדע־וואַסער, איז דאָ דעריבער קיין פּלאַץ נישטאָ. לופט אויף צו האַנדלען איז דאָ אויך פאַראַן זייער ווייניק; אָבער מען קאָן מאַכן אַ לעבן. איך מיין דעריבער, אַז פאַר אַ יידישער טעריטאָריע איז די סטראַטאָספערע נישט ערגער, ווי מאַדאַגאַסקאַר, האָנדוראַס און טאַנגאַנייקע.

12 בייטאָג.

איך האָב דערגרייכט אַ הויך פון 16 טויזנט מעטער. הוראַ! איך בין אין דער אמתער סטראַטאָספּערע. אַ מערקווירדיקע רויִקייט. מען זעט דאָ נישט קיין „בלימל־פּאַרקויף” און מען הערט נישט קיין ראַדיאָ. מען זעט דאָ נישט קיין יידישן קינאָ. אויף אַ מהלך פון צענדליקער קילאָמעטער זעט מען נישט קיין איין קבצן און בעטלער, קיין אַנטיסעמיטיזם פילט מען דאָ אויך נישט. פון צייט צו צייט באַגעגנט מען דאָ די הויכע געשטיגענע פּרייזן פון לעבנס־מיטל. איך וויל דאָ אַרויסגעבן די צייטונג „סטראַטאָספּערע־קוריער”. נייעס וועל איך נעמען פון דער לופט. אַ שיין לעבן קאָן מען דאָ מאַכן פון האַנדל מיט קאָסמישע שטראַלן. פּלעגער און לופט־שלעסער קאָן מען דאָ בויען, וויפל ס׳האַרץ גלוסט. הכלל — ס׳איז אַ וווּנדערבאַר אָרט, אָט די סטראַטאָספּערע. און כ׳איז צו האָפן, אַז אם־ירצה־השם אין יאָר 1999 זאָל דאָ אָפּגעהאַלטן ווערן דער 49־טער אַלוועלטלעכער ייִדישער קאָנגרעס פאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע.

# ערשטער אַפּריל

## I

### די דעפּוטאַציע בײַם שטאָט־גביר

(צו דעם שטאָט־גביר ר' ישראל קאַרפּענקאָפּ איז אַרײַנגע־קומען אַ דעפּוטאַציע פון שײנע שטאָט־באַלעבאַטים און זאָגן אַזוי:)

— מיר, חשובע באַלעבאַטים און מיטגלידער פון דער פֿי־לאַנטראָפּישער אינסטיטוציע „צו שטיצן די אָרעמע קימפּעטאָרינס, וואָס זײערע מענער זענען געפאַלן אין דער וועלט־מלחמה", זענען געקומען צו אײך בעטן, אַז איר, גרויסער מענטשן־פרײַנט און בעל־צדקה, ר' ישראל קאַרפּענקאָפּ, זאָלט ווערן פּרעזעס פון אונזער חשובער אינסטיטוציע.

(דער שטאָט־גביר ר' ישראל הערט אויס דעם פאָרשלאַג און ענטפערט קורץ און שאַרף:)

— איך וויל נישט!

(די דעפּוטאַציע ווערט צעמישט פון אַזאַ ענטפער. קוקן זיך איבער, גלאָצן מיט די אויגן, נאָר באַלד קומען זײ צו זיך און זאָגן:)

— וואָס הײסט? גאָט איז מיט אײך, ר' ישראלטשע! היתכן? און ס'טײַטש! איר זאָגט זיך אָפּ פון אַזאַ פּאָסטן, פון בענקל?

— איך וויל נישט קײן בענקל!

— וואָס הײסט? עס איז דען אײן בענקל? עס איז דאָך אַ סך בענקלעך, ווי שטײט אין פּרק: בענקל גוררת בענקל; אײן בענקל

ציט אַ צווייט בענקל. איר וועט נאָך, מיט גאָטס הילף, ביי אונז זיצן און זיצן אפשר אויף 20 בענקלעך.

— איך דאַרף נישט קיין 20 בענקלעך.

— און כבוד איז אַ הונט?

— איך דאַרף נישט קיין כבוד.

— מען וועט אייך דרוקן אויף די גאַזעטן. אייער נאָמען וועט נישט אַראָפּ פון די צייטונגען. יעדן טאָג — אייער פּאָרטרעט. אייער ביאָגראַפיע. אייערע ווערטער ווערן געוויגן מיט גאָלד.

— איך דאַרף נישט קיין גאַזעטן. איך דאַרף נישט קיין פּאָרטרעטן.

— וואָ־אָ־ס?! (זיי כאַפּן זיך פאַרן קאָפּ). וואָס הערן אונזערע אויערן?

— דאָס, וואָס איר הערט. איך דאַרף נישט קיין כבוד. און — באַסטאַ!

— מילא, שאַ, שאַ... איז נישט קיין כבוד; אָבער געלט?! געלט! (וויזן מיט די פינגער, ווי מען ציילט געלט.)

— איך דאַרף נישט קיין געלט.

— אָבער גאָט איז מיט אייך, ר׳ ישראלטשע. ווער זאָגט זיך דאָס אָפּ פון אַ קהלשע שיסל? די וועלט זאָגט, אַז מען רייבט זיך אַרום אַ פעטן טאָפּ... איר שרייבט אונטער קול־קוראס, איר מאַכט זאַמלונגען, איר שרייבט אונטער דעקלאַראַציעס, אַנדערע זאָלן געבן; אָבער איר אַליין זענט פּטור פון געבן, אַפילו אַ פּרוטה. ווייל איר זענט דאָך דער מאַכער אַליין. קיינער מאָנט ביי אייך גאָרנישט. קיינער האָט גאָר די העזה נישט צו מאָנען. איר זענט דאָך דער נעמער און אַ נעמער האָט פיינט צו געבן. הע, הע, הע...

— און ביי מיר איז פאַרקערט. איך האָב פיינט צו נעמען. איך האָב ליב צו געבן. איר הערט? (ציילט די ווערטער): איך האָב פיינט צו נעמען, נאָר איך האָב ליב צו געבן. אַני „הגבר״ און נישט אַני הנעמער.

(די דעפּוטאַציע ברעכט אויס אין אַ היסטעריש געלעכטער).

(דער גביר צעעפנט אַ גרויסע פייער־קאַסע, ווו עס ליגן

פעקלעך באַנקנאָטן און גאָלד־שטיקלעך און רופט זיך אָן נאָכ־אַמאָל:

— נעמט! נעמט אויף צדקה וויפל איר ווילט. נעמטס, יידן, נעמטס!

(די דעפּוטאַציע איז געפּלעפּט פון איבעראַשונג. זיי שטייען מיט פאַרוווּנדערטע אויגן, ווי אַ שלאָג וואָלט זיי געטראָפן. נאָכ־דעם זאָגן זיי:)

— מילא, איז נישט קיין געלט, אָבער מאַכט! גאַטשאַל־סטוואָ! הויכע פענסטער! און אָט דאָס, וואָס איר קאָנט געבן אַ פּראָטעקציע, אַן אינטערווענץ, אַ שתּדלנותל. פאַרגעסט נישט, אַז איר ווערט אַ פּרעזעס, קאָנט איר אַריינשמוגלען אַ קרוב, ווו מען דאַרף. איר פאַרזאָרגט אַ פריינטל מיט אַ פּאָסטן, איר נעמט זיך אַריין אַן אָרעם יתומהלע פאַר אַ סעקרעטאַרין, הי־הי־הי... (ווינקען מיט אַן אויגל).

(דער גביר קומט שוין אַריין אין רעכטן גרימצאָרן:)

— איר זענט ציניקער! איר זאָלט מיר נישט דערוועגן צו דערציילן אַזעלכע מעשיות, וואָרום איך וועל אייך אַראָפּוואַרפן פון אַלע טרעפּ. איר הערט?

— שאַ, שאַ, שאַ! וועלן מיר נישט גיין אַזוי וויט... אָבער, אַ רייזעלע, אַ נסיעה, האָט איר ליב צו מאַכן? אַ פּאָר טון, ווו אייער האַרץ גלוסט. ס'איז פאַר אייך אָפן אַ וועלט: איר פאָרט, פליט, שווימט; בערלין, ווין, לאָנדאָן, ניו־יאָרק, און ווו נישט? די בעסטע האָטעלן, סליפּינגס, רעסטאָראַנען, לוקס־קאַבינעס, נאַכט־לאָקאַלן, איר פאָרט אין די גרעסטע קוראָרטן, און, און, — כי, כי, כי! אַ מענטש איז נישט פון אייזן... און אַלץ אויף קהלשן חשבון! על חשבון הקהל!

(דער גביר צעשרייט זיך פאַר רציחה. בייזט די פויסטן און טופעט מיט די פיס:)

— גענוג! איך וויל נישט הערן אַזעלכע געמיינהייטן! איך וויל נישט לעבן אויף קהליש געלט, פאַר פרעמדע, בלוטיקע גראָשנס! אַ סוף. איך וויל נישט זיין קיין פּרעזעס, נישט קיין מאַ־כער, נישט קיין שתּדלן. איך דאַרף נישט קיין בענקלעך, קיין ריי־

זעס, קיין סליפינגס, קיין... קיין... קיין... און גייט צו אַלדי רוחות!...
אייער געדעכעניש זאָל דאָ נישט זיין! פשאָל, געגאַנגען! יאַזדאַ!

(ער דערלאַנגט זיי מיט דער קני אין דעם אָרט, ווו די פּלייצע פאַרלירט איר נאָמען און חברה פליט פון די טרעפּ).

II

נעבן אַ געשעפט פון דאַמען־מאָדעס

מאַן און ווייב גייען שפּאַצירן. דער מאַן פאַרהאַלט די פרוי ביי איינע פון די גרויסע שויפענסטער פון אַ דאַמען־קליידער־מאַגאַזין און זאָגט צו איר:

— דו זעסט, מיין שיין ווייבעלע, אָט דאָס דאָזיקע קלייד וואָלט איך דיר געוואָלט קויפן. אַ הערלעך קלייד, אַ וווּנדערבאַר קלייד!

— איך דאַרף נישט קיין קלייד.

— וואָס רעדסטו, אַזאַ שיין קלייד. עס וועט דאָך דיר אַזוי פּאַסן צום פּנים.

— אָבער, מיין טייערער, איך דאַרף נישט קיין קלייד. וואָס פאַלן דיר איין פּלוצלינג אַזעלכע נאַרישקייטן? איך האָב, גאָט צו דאַנקען, וואָס אָנצוטון. און דאָס קלייד, וואָס דו האָסט מיר געמאַכט פאַראַיאָרן, איז נאָך היינט אויך שיין; נאָך גאָרנישט אַרויס פון דער מאָדע. איבעריקנס, קאָן איך עס אַביסל איבערמאַכן און עס וועט זיין גוט און שיין און פּראַכטפול. אָבער אַ ניי קלייד, ביי היינטיקע שווערע צייטן!... איזידאָר, האָסט פאַרגעסן? איזידאָר, ווי גאָט איז דיר ליב! וואָס רעדסטו?

— און איך זאָג דיר, טייערסטע, אַז דו זאָלסט יאָ קויפן דאָס קלייד. זע נאָר, ווי פּרעכטיק עס איז! באַטראַכט די ליניע, די שלאַנקייט. דו וועסט דאָך אין דעם אויסזען, ווי אַ ווענוס. דיינע פריינדינס וועלן קראַפּירן! די כפּרה איינגעמען. די שלאַג באַקומען.

— וויל איך טאַקע נישט, אַז מיינע פריינדינס זאָלן קראַ־

פּירן. צוליב זיי טאַקע וויל איך דאָס קלייד נישט קויפן. איך האָב פיינט, אַז פריינדינס זענען מיך מקנא.

— עס איז דאָך אָבער דער נייעסטער פּאַריזער מאָדעל.

— אויב פּאַריזער מאָדעל, קאָסט עס דאָך אַ סך געלט. וויל איך נישט, אַז דו זאָלסט אויסגעבן אַ סך געלט. עס איז דאָ אַ סך נויטיקערע זאַכן אין שטוב, אויף וואָס אויסצוגעבן דאָס געלט. עס קומט דאָך דיר גאָרנישט אַזוי לייכט אָן צו פאַרדינען אַ גראָשן. האָרעוועסט, נעבעך, שווער און ביטער אויף דער הוצאה, ווילסטו, איך זאָל נעמען און צעטרענצלען דאָס פאַרדינסט דיינס אויף עפּעס אַ שמאַכטע. ניין, איך וועל עס נישט טון. קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט!

— אַ שמאַכטע, זאָגסטו? אַ שיינע שמאַכטע! קרעפּ־דעשין מיט פּלאָמיזאָל געפּוצט מיט לאַמע, ברישעלער שפּיצן, ווענעציאַ־נער האַפּט, איז דאָס אַלץ ביי דיר שמאַכטעס! מעגסט דיך שעמען, כ׳לעבן. פאָלג מיך, גיי אַריין און נעם דאָס קלייד. פאַרוואָס זאָלסטו מיך פּייניקן? גיי און נעם דאָס קלייד. און טאַקע שוין, תיכּף ומיד.

— און איך וועל נישט אַריינגיין און איך וועל נישט נעמען. איך האָב צייט. עס ברענט נישט. איך קאָן וואַרטן.

— ווי לאַנג וועסטו וואַרטן?

— איך ווייס? ביי מיר האָסטו געפּועלט נאָך אַ חודש, צוויי חדשים.

— ווי? (ער כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ) — דערווייל וועט עס דאָך, חלילה, אַרויס פון דער מאָדע!

— קיין בעסער אומגליק זאָלן מיר ביידע נישט האָבן.

— אָבער, וואָס אַרט דיך, אַז דו וועסט אַריינגיין און אָנ־מעסטן?... אָנפּאַסן!...

— איך האָב פיינט אָנצומעסטן קליידער. איך האָב פיינט מאָדע־מאַגאַזינען. איך האָב פיינט אויספאַרקויפן! וואָס האָסטו מיך דאָ פאַרהאַלטן ביי דעם פענסטער? וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, וואָס? קום אַוועק!

— און איך וועל פונדאַנען נישט אַוועק. וועסט מיך הרגענען און איך וועל פונדאַנען נישט אַוועק. דו מוזט קויפן דאָס קליידל. נו?

— און איך וויל דווקא נישט!

— און אַז איך וועל דערנאָך צוקויפן אַט דעם זיידענעם שאַרף און אַט דעם האַרנאַסטייענעם קאָלנער און אַט דעם הוט מיט דער שטרויס־פעדער?

— איך דאַרף דאָס אַלץ אויף צען טויט כּפּרות!

— אַז דו ביסט אַן איינגעשפּאַרטע חיה. שטענדיק טוסטו מיר קאַפּויער, אויפצולהכעיס. שטענדיק דערגייסטו מיר די יאָרן. אַ שיין ווייב ביסטו. אַלע ווייבער פון מיינע באַקאַנטע קויפן קליידער און דו ווילסט נישט (וויינט).

— אָבער, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיר? אַז איך דאַרף נישט קיין קליידער!

— איך ווייס, אַז דו ביסט אַ ברוטאַלער מענטש! ביסט שטענדיק געווען ברוטאַל צו מיר. דו ביסט מיין וואַמפּיר, אַ שלאַנג אין אַ פּרויען־געשטאַלט. שטענדיק פאַרביטערסטו מיר דאָס לעבן; אומגליקלעכער מאַן, וואָס איך בין... אָ־אָ־אָ... (כליפּעט אויפן קול און גיסט מיט טרערן, ווי באָב).

— נו, זאָג אַליין, ביסט אַ מענטש? שטעלסט זיך אַוועק וויינען אינמיטן גאַס. מאַכן מיר לייטיש געלעכטער... קום אַוועק פונדאַנען; קום אַהיים.

דער מאַן (אויפגעמונטערט):

— ניין! איך וועל נישט אַוועקגיין פונדאַנען, וועסט ביי מיר דאָס קלייד יאָ קויפן, און אַ הוט אויך, און אַ פּעלץ אויך. הייניטיקס מאָל וועסטו ביי מיר נישט אויספירן! איך בין אַ מאַן, צי נישט קיין מאַן? קום! די מינוט זאָלסטו מיט מיר אַריין אין געשעפט!...

(ער כאַפּט זי מיט געוואַלט און שלעפּט זי אין געשעפט אַריין. זי רייסט זיך פון זיינע הענט, קוויטשעט, שרייט, רייסט זיך פון אים אַוועק און אַנטלויפט. דער מאַן ספּאַזמירט).

# III

## דער רעדאַקטאָר און דער פּאָעט

(אַ רייכער קאַבינעט. ביי אַ פּרעכטיקן שרייב־טיש זיצט דער פּאָעט משה יאָסל קרעפּל און ציילט געלט. שניידט קופּאָנעס. עמעץ קלאַפּט פּאַרזיכטיק, איינגעהאַלטן אין טיר).

— אַריין!

(עס קומט אַריין אַ רעדאַקטאָר מיט אַ טעקע אין האַנט. מאַכט צורעכט די מאַרינאַרקע, פּאַריכט דעם קראַוואַט. פּאַרנויגט זיך טיף־הכנעהדיק און זאָגט מיט אַ תחנונים־קול):

— איך בין געקומען צו אייך, אונזער גרויסער, גייסטרייכער פּאָעט משה יאָסל, דער שטאָלץ פון אונזער אומה, איר זאָלט מיר טון אייער גרויסן חסד און מיר געבן פאַר מיין נאָענטסטן נומער איינס פון אייערע געניאַלע לידער.

— איך קאָן אייך, ליידער, נישט געבן קיין איינס פון מיינע לידער.

— פאַרוואָס?

— ווייל מיינע לידער זענען נישט געניאַל, נאָר הוילע גראַפּאָמאַניע, נישט־דרוקבאַר.

— אָבער, וואָס אַרט אייך, אַז מען בעט אייך? איך בין שוין היינט געווען ביי אייך דריי מאָל, איין מאָל זענט איר געשלאָפן; אַ צווייט מאָל — געגעסן און אַ דריט מאָל — צוזאַמענגעלייגט ווערט־פּאַפּירן.

— אָבער וואָס קאָן איך טון, אַז מיינע לידער טויגן נישט? אויב איר ווילט אַ גוט ליד, גייט צו מיינע קאָלעגן... צי די אַנדערע דיכטער... זיי שרייבן בעסער פון מיר. וואָס זיי האָבן טאַלאַנט אין זייער מינדסטן נאָגל, האָב איך נישט אין קאָפּ. זיי זענען דיכטער, און איך, מחילה, בין אַ טאַלאַנטלאָזיקייט... אַ גראַפּאָמאַן... אַ שמירער...

— ע־ע, איר זענט צו באַשיידן. איך בין אַפילו אַ מבין אויף לידער, ווי אַ חזיר אויף היוון; אָבער איך זאָג אייך, אַז איר

זענט געניאַל. און איך בעט איך, ווי לאַנג איז דער שיעור, איך זאָל אייך אָפּקלאַפּן די טירן? גיט מיר אַ ליד, כאָטש איין לידעלע, כאָטש אַ פּאָר שורות. אָן אייערס אַ לידל וועל איך נישט אַוועק־גיין... די לעזער לאָזן מיך נישט לעבן. מען באַלאַגערט מיר די רעדאַקציע. הונדערטער, טויזנטער מענטשן שטייען און שרייען: גיט אונז לידער! גיט אונז יידישע לידער! באַלאַדעס! פּאָעמעס! סאָנעטן! זיי וועלן דאָך מיך צעטראָגן, דעם בנין מיר דעמאָלירן, פּאָגראָמירן! דאָס פֿאָלק מאָנט, דאָס פֿאָלק שרייט. קול המן כקול שדי. טוט מיר אַ טובה, גיטס מיר אַ לידל. איר וועט מיך און דאָס גאַנצע פֿאָלק דערהאַלטן ביים לעבן. (פֿאַלט צו די פיס).

— און איך וועל אייך קיין ליד נישט געבן.

— איר וועט זיך פֿאַרשאַפֿן כבוד. איך וועל עס אַוועק־שטעלן אויף דער ערשטער זייט, אויבנאָן, דרוקן עס מיט די גרעסטע אותיות.

— איך דאַרף עס נישט.

— אייער פּאָרטרעט וועל איך אויך געבן, אייער פּאָרטרעט אין עטלעכע פּאָזעס אָפּדרוקן און אין פֿאַרשידענעם עלטער. און אויך די פּאָרטרעטן פֿון אייערע עלטערן.

— איך וויל נישט קיין פּאָרטרעטן. נישט אַזאַ וואַזשנע מע־צאָצע, מיין פּרצוף.

— איך וועל שרייבן אַ ספּעציעלן אַרטיקל וועגן אייך, געבן אייך די גרעסטע רעקלאַמע, מאַכן אַן אַנקעטע וועגן אייער ליד. מען וועט שרייבן וועגן אייך „שטימען פֿון פֿאָלק״. איר ווייסט, איך וועל צוליב אייער ליד אַרויסוואַרפֿן אַ גאַנצע זייט אַנאָנסן.

— איך בין אייך מוחל.

— אָבער, גזלן, אומשטערבלעכקייט?!

— איך דאַרף נישט קיין אומשטערבלעכקייט!

— און האָנאָראַר? איך וועל אייך צאָלן פֿון שורה, פֿון וואָרט, פֿון אות. איך וועל אייך איינאָרדענען אַ יובילייִ. נישט איינעם, נאָר צען. איך וועל אייך געבן אַ געלט־פּרעמיע. נאָט אייך אַ פֿולע טעקע מיט געלט; נעמט אייך וויפֿל איר ווילט. אייער פּאָעזיע איז

ביי מיר טייערער פון געלט. (דעקלאַמירט): שטאַרקער ווי דער טויט איז ביי מיר די ליבע צו אייער ליד.

— איך דאַרף נישט קיין געלט! איך האָב, קיין עין־הרע, גענוג געלט. רעדאַקטאָרן צערייסן מיך אויף שטיקלעך. פאַרלעגער שלאָגן מיר אָפּ די שוועלן, אין די בוכהאַנדלונגען שטייט מען אין די רייען. געכטן איז אַפילו איינער אין דער ריי געפאַלן אין חלשות פון מידקייט. מען שלאָגט זיך איבער מיינע לידער. אַלע ווילן מיינע לידער. יידן כאַפּן יידישע ביכער, ווי מצה־וואַסער!

— איז ווילט איר מיר נישט געבן קיין ליד? ווי איז דאָס אַ יידישער דיכטער אַזאַ גזלן, אַזאַ רוצח!

— ניין!

— זאָל איך אַרויסלאָזן אַ נומער אָן אַ ליד? איך זאָל מיך בלאַמירן און רויִנירן דאָס געשעפט?

— איך קאָן גאָרנישט העלפן. איך וויל נישט לאָזן דרוקן מיין קוואַטש.

— מילא, פאַרפאַלן. אומגליקלעכער רעדאַקטאָר, וואָס איך בין... (כאַפּט אַרויס אַ רעוואָלווער און באַגייט זעלבסטמאָרד.)

# מיין ווייב האָט מיר אָנגעזאָגט

נעכטן איז מיין ווייב אַוועקגעפאָרן אין די בערג. פאַרן אַוועקפאָרן האָט זי מיר איבערגעגעבן אַ פּאָר שליחותן און עטלעכע מיסיעס, וואָס איך זאָל אַלץ דערליידיקן פאַר אירעטוועגן, בשעת איר אָפּוועזנהייט.

איך וויל עס אויף טשיקאַוועס פאַרצייכענען און אויפשרייבן דאָס אַלץ אויפן פּאַפּיר, מחמת ס׳איז בעסער און געזינטער פאַר מיר, אַז איך וועל עס געדענקען געגוי און ריכטיק אַלץ מקיים צו זיין, אַלע אירע אָנזאָגונגען. מה־דאָך אַ קעלנער, וואָס האָט נישט אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז ווען ער האָט אַ גרעסערע באַשטעלונג, פאַרשרייבט ער עס אויפן פּאַפּיר, אַ פשיטא שוין איך, וואָס בין נישט מער ווי אַ זינדיקער מאַן פון אַ ווייב מיט אַ כאַראַקטער...

אַלזאָ, וואָס האָט זי מיר, מיין ווייב, אָנגעזאָגט? אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, האָט זי מיר אָנגעזאָגט פאָלגנדיקע עטלעכע קליינינקייטן:

„תיכף, ווי נאָר איך וועל קומען אַהיים, זאָל איך תיכף ומיד באַגיסן די בלומען, און בשעת אַ רעגן זאָל איך מוחל זיין און אַרויסטראָגן זיי אויפן באַלקאָן. און איבערהויפּט זאָל איך אַכטונג געבן אויף די קאַקטוסן און זאָל געדענקען, אַז אַ קאַקטוס האָט פיינט אַ סך וואַסער. און אפשר דאַרפן זיי נישט האָבן אַ סך וואַסער? איך געדענק שוין נישט. נאָכדעם זאָל איך איינקויפן נאַפטאַלין, באַשיטן דאָס גאַנצע פוטערוואַרג און די איבעריקע קליידער און

באַהאַלטן עס אין טאַפּטשאַן; בלויז איין פּעלץ, דעם קאַראַקולענעם און אפשר דעם ברייטשוואַנצענעם? איך געדענק נישט אַקוראַט, זאָל איך איר אַריבערישקן אין די בערג אַריין, ווייל ביינאַכט קאָן דאָרט זיין קילבלעך.

ווייטער זאָל איך אַכטונג געבן אויף „רעקסן", און זאָל אים באָדן און פירן צוויי מאָל אין טאָג אויף שפּאַציר, און אין אַ קאַלטן וועטער זאָל איך אים אָנטון דעם פּלעדל, וואָס זי האָט אויסגע־שטיקט אויף דראָטן.

ווייטער זאָל איך אַכטונג געבן גוט צו פאַרדרייען דעם גאַז, אַז עס זאָל נישט אַרויסלויפן, און זאָל אויך באַוואָרענען די פענ־סטער און די טירן און די שלעסער און די זאַוויאַסעס און די פרענטן, אַז אַ גנב זאָל זיך נישט אַריינכאַפּן. יאָ, רעכטס אין קאָ־מאָד, אין דעם אונטערשטן שופלאָד ליגן אירע צוויי טוץ זיידענע זאָקן מיט פאַרלוירענע אויגעלעך, זאָל איך זיי אַוועקטראָגן צו דער פריילין טאַפּטשע, אויף סאַפּיעזשינסקע גאַס, זי זאָל אויפכאַפּן די אויגעלעך און אויספאַרריכטן און פאַרצירעווען, און אַז עס וועט זיין פאַרריכט און פאַרצירעוועט, זאָל איך אויסקלייבן די טונקל־ברוינע, און אפשר די גרוי־פּאַפּעליאַטע, איך געדענק שוין נישט, מאַכן אַ פּעקל און זיי אַפּשיקן דורך אַ געלעגנהייט. טאָמער ליגן זיי נישט, די זאָקן, אין קאָמאָד, מוזן זיי אַוודאי ליגן אונטן אין דער שאַפע. זאָל איך נעמען דעם שליסל... שטיי נאָר, ווו האָט זי באַהאַלטן דעם שליסל פון דער שאַפע?... גיי געדענק!... דאַכט זיך, אין דער שפּיזשאַרניע, און אפשר אין אַלקער אויף דער פּאָלי־צע, אָדער גאָר אין קעשענע ערגעץ פון אירע פּיזשאַמעס. דאַרף מען, הייסט עס, פּרוּוון זוכן, און אַז איך וועל זוכן, וועל איך גע־פינען...

ווייטער זאָל איך אויפזוכן דאָס ענאַמעל־שאַכטל, נישט דאָס, וואָס איך האָב געבראַכט פון טיראָל, נאָר דאָס, וואָס איך האָב געבראַכט פון ניצע. דאָרט ליגט אַ פּעקל העל־גרינע באַוול „אַנ־גאָראַ". זאָל איך נעמען דעם באַוול און זיך אַריינכאַפּן אין אַ באַוול־געשעפט און אויסטוישן עס אויף פּאַמעראַנצן־קאָליר, און עס איר צושיקן; מחמת עס קאָן איר דאָרט זיין אַביסל נודנע,

וועט זי זיך דאָרט שטריקן אַ בלוזקע, אָדער אויסהעפּטן זיך אַ קישעלע... טאָמער וועל איך נישט געפינען קיין פּאָמעראַנצן־באַוול, זאָל איך קויפן גאַרן פון קאַווע־קאָליר; נישט קיין קאַווע מיט אַ סך מילך, נאָר קאַווע מיט אַביסעלע מילך...

ווייטער זאָל איך אַריינגיין צו מיין שותּפס ווייב, מאַניושאַ, און איר דערציילן, אַז זי, ד. ה. מיין ווייב, איז אין די בערג און פאַר־ברענגט דאָרט די צייט גאָר וווּנדערלעך, און אַז זי האָט אַ סך דער־פאָלג ביי די קאַוואַליערן, און אַז אויפן שפּאַציר מאַכט זי אין אירע גייע קליידער אַ גרויסן פוראָר. און זאָל זי, די פרוי קישמישאָווע, קראַפּירן און איינגעמען די כפּרה.

יאָ, איך זאָל איר אַלע טאָג שרייבן, וואָס עס מאַכט פרוי קופערשטאָק, וואָס איז שוין אין אַכטן חודש, כאָטש ערשט מיט צוויי חדשים צוריק איז געווען די חתונה, אַ בראָך אויף איר; און אַז זי וועט האָבן אַ קינד, אַ מכּה אויף איר, זאָל איך איר שרייבן, צי אַ יינגל, צי אַ מיידל, און אויב אַ צווילינג, זאָל איך אומבאַדינגט טעלעגראַפירן.

ווייטער זאָל איך אַריינגיין צו מיין שותּפס ווייב מאַניושאַ, און זי פרעגן, צי עס איז שוין פאַרטיק איר נייער מאַנטל „לע־ברון־ראָמאָן", און איר שרייבן, צי ס'איז אמת, אַז זי האָט פון זעלבן שטאָף געמאַכט אַ הוט און אַ האַנט־בייטל; וואָרום זי קאָן דאָך זאָגן אַ ליגן אויך, די נכפּה זאָל זי כאַפּן...

און וואָס נאָך? יאָ, איך זאָל יעדן טאָג אויסשניידן פון דער צייטונג די פאָרטזעצונגען פון עפּעס אַ ראָמאַן, איך געדענק נישט, צי „דער אייפערזיכטיקער בלאָטער" אָדער „דער פאַרפירטער מאַ־האַראַדזשאַ", און איבערשיקן עס איר מיט דער פלי־פּאָסט, מחמת זי חלשט צו וויסן, וואָס ס'איז געוואָרן דער סוף מיט דעם אינטרי־גאַנט אַדאָלף, וואָס האָט געשענדעט די שיינע מאַטילדע.

ווייטער זאָל איך נישט פאַרגעסן, אַז דעם 12 יולי איז איר מאַמעס געבורטסטאָג, זאָל איך נישט פאַרגעסן איר צו קויפן בלו־מען און גיין מיט איר אין טעאַטער; נאָר אויף אַ פריילעכע זאַך, מיט געזאַנג און טענץ... ווייל די מאַמע אירע האָט ליב פריילעך טעאַטער. און איך זאָל נישט פאַרגעסן צו געבן אַ גראַטולאַציע אין

די צייטונגען און מיט איר פאַרבּרענגען אַ גאַנצן טאָג און אין אָוונט זאָל איך מאַכן אַ זשורפיקס און זאָל מיט איר מאַמען אַ סך טאַנצן... צולעצט בעט זי מיך, מיין ווייב, איך זאָל אַריינגיין צו מיין חברס ווייב, פרוי ציפקין, און אַ פרעג טון, ביי וועלכן שניידער וועט זי היי־יאָר זיך באַשטעלן איר האַרבּסט־מאַנטל, און וועלכן פאַסאָן... און טאַקע געגוי וועגן אַלעם דעם איר אָנשרייבּן.

און נאָך, און נאָך, אַ סך זאַכן, האָט זי מיר, מיין ווייב, אָנגע־זאָגט פאַרן אַוועקפאָרן, נאָר איך געדענק שוין גאָרנישט... הלוואי זאָל עס מיר בשלום אַדורכגיין...

## אַרויסגענומען אַ צאָן

די שרעק פון אונזער געגנט איז נישט געווען דער באַנדיט קאַרוראַ, וואָס האָט געהאַט אויף זיין געוויסן עטלעכע לעבנס; ווי אויך נישט די פאַרפלייצונגס־קאַטאַסטראָפע, וואָס באַפאַלט אונז צוויי מאָל יערלעך; ווי אויך נישט די עפּידעמיע פון בויך־טיפוס, משוגענע הינט, שרפות, וואָס באַפאַלן אונז אָפט. נאָר דווקא אָט דאָס קליינע יידל, גאָדל שיעה, מיט דעם נייגעריקן בערדל און שי־טערע אויגעלעך.

פאַרוואָס עפּעס?

איז דער תירוץ:

ער איז געווען אַ נודניק.

האָט איר אַמאָל געזען דאָס געמאָלטע בילד, ווי אַזוי אַ לייב רייסט זיך אַרויס פון אַ שטייג אין אַ צירק און לאָזט זיך לויפן אי־בערן שטעטל און איבער די גאַסן ווערט אַ פּאַניק און אַ בהלה; אַ מוראדיקע אימה באַפאַלט די באַפעלקערונג, ווי קינד און קייט לאָזט זיך אין איין שרעק, הענדום־פּענדום לויפן אין די האַלב־פאַרמאַכטע טויערן אַריין?... אָט אַזאַ בהלה ברעכט אויס ביי אונז, ווען מען באַגעגנט זיך מיט גאָדל שיעהן דעם נודניק.

וואָרום פאַרפייניקן קאָן ער אייך, אָט דער גאָדל שיעה.

נאָר מער פון אַלע זיינע קרבנות האָט ער ליב, גאָדל שיעה, אויסצוקלייבן שרייבער.

— מיט זיי, — זאָגט ער, — האָב איך ליב צו כאַפּן אַ מאָ־נאָלאָג.

און ער איז גערעכט, ווען אַ שמועס מיט עמעצן פלעגט ער רופן מאָנאָלאָג, מחמת רעדן פלעגט ער אַליין און דער מיט־שמועסער פלעגט נישט קאָנען קומען צום וואָרט.

---

האָט זיך געמאַכט, אַז איך בין איינמאָל געגאַנגען אַהיים נאָך אַ שווערער אַרבעט. איך בין געווען מיד און הונגעריק. אין דער היים גראָד האָט אויף מיר געוואַרט נאָך אַ שטיקל אַרבעט, אָנצו־שרייבן אַ דרינגענדיקן אַרטיקל אויף שבת. בין איך מיר אַזוי געגאַנגען און געטראַכט איבער דער טעמע, מכוח דער פאָרם און קאָנסטרוקציע פון דעם אַרטיקל, און פּלוצלינג — גאָדל שיעה גייט מיר אַנטקעגן.

איך פיל, אָט־אָט קלאָמערט ער זיך איין אין מיר, ווי אַ סקאָר־פּיאָן. ער וועט מיך שוין נישט אָפּלאָזן; ער וועט מיך באַגלייטן דעם גאַנצן וועג, ער וועט מיט מיר אַריינגיין אין שטוב און וועד ווייסט, ווי לאַנג ער וועט שוין דאָ פאַרבלייבן; ווי לאַנג ער וועט זויגן מיין בלוט. די בראָך איז פאַרטיק!

און ווי איינער, וואָס ראַטעווועט זיך פון אַ פּאָגראָם, האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין ערשטן־בעסטן געשעפט.

דאָס געשעפט איז געווען פון אויטאָמאָביל־טיילן.

— וואָס ווינטשן זי? — פרעגט דער סוחר.

— אָט דאָס גיט מיר.

דאָס, אויף וואָס איך האָב אָנגעוויזן, איז געווען אַ גומען ראָד.

— וועלכע מאָס?

— נישט קיין אונטערשיד.

— אַ פאָדערשטס, אָן אונטערשטס?

— נישט קיין אונטערשיד.

איך האָב זיך אַפילו נישט געדונגען. באַצאָלט און גענומען די סחורה.

און אין אַ מינוט אַרום איז אויף מיין האַלז געהאָנגען, ווי אַ מילשטיין, אַ דיק, גרויס גומען אויטאָמאָביל־ראָד, הגם איך האָב גאָר קיינמאָל קיין אויטאָמאָביל נישט געהאַט.

נאָר ווי אומגליקלעך בין איך געווען, ווען איך האָב דערזען, אַז אינדרויסן שטייט נאָך דער נודניק און וואַרט אויף מיר, זיין קרבן. אָט־אָט, ער נעמט זיך דערנענטערן צו מיר.

איך בין שנעל אַריין אין אַ צווייט געשעפט, אַ געשעפט פון קינדער־וועגעלעך. איך האָב בכיוון דאָרט געזוכט, געקליבן, גע־מישטערט און אויסגעקליבן מיר אַ קינדער־וועגעלע. מחמת איך האָב דעם קרעמער אַביסל צו לאַנג מאַרודיעט און פאַרדרייט אים דעם קאָפּ, האָב איך געמוזט כמעט קויפן אַ קינדער־וועגעלע, הגם איך האָב גאָר קיין קינדער נישט.

איצט האָב איך שוין אויפן האַלז געטראָגן אַן אויטאָמאָביל־ראָד און מיט דער האַנט געשלעפּט אַ קינדער־וועגעלע און אַזוי זיך אַרויס אויף דער גאַס.

מיין רוצח איז געשטאַנען, געשטאַנען און געוואַרט. אָט־אָט גיט ער אַ שפּרונג און וואַרפט זיך אויף מיר ווי אַ טיגער, ווי אַ היענע...

איך אָבער האָב מיט מיינע זאַכן זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ דריט געשעפט אין אַ געשעפט פון מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, געלאָזט אויפשפּילן אַ סך גראַמאָפאָן־פּליטן און — געקויפט אַ טראָמבאָן.

איך בין אַזוי געלאָפן, ווי אַ האָז פון טויזנט יעגער; געלאָפן פון איין געשעפט אַרויס, אין צווייטן אַריין, און אומעטום איינגע־האַנדלט סחורה, און מיט אַזאַ אימפּעט, פּונקט ווי איך וואָלט זיך געאיילט צו דער באַן. איך בין געוואָרן אָנגעלאָדן ווי אַ קעמל: אויפן האַלז אַ גומען אויטאָמאָביל־ראָד, מיט דער רעכטער האַנט געשטופּט אַ קינדער־וועגעלע, אין דער לינקער האַנט — אַ טראָמ־באָן. חוץ דעם זענען אויף אַלע מיינע קנעפּלעך געווען אַרומגע־האָנגען פאַרשידענע זאַכן: אַ שטייגל מיט עפּעס אַ פויגל, אַ גרינער צילינדער מיט אַ פעדער, אַן אַקוואַריום מיט פישעלעך, אַ מעשע־נער מערזשער, אַ גלעזערנער קלאָש צו אַ לאָמפּ, אַ יעגער־ביקס, אַ מולטער צו באַקן חלות און אַנדערע זאַכן.

דער נודניק איז מיר נאָך אַלץ נאָכגעלאָפן און מיך אָפּגע־וואַרט. האָב איך מיך געלאָזט לויפן אויף גאַס באַראָט און דער

גודניק נאָך מיר. איך בין אַרײַנגעלאָפן אין אַ הויף און ער — נאָך מיר. איך בין אַרויפגעלאָפן אויף אומבאַקאַנטע טרעפ און אַרײַן דורך אַן אָפענער טיר אין אַ פרעמדער דירה.

דאָס איז געווען אַ דענטיסטן־קאַבינעט.

— וואָס פאַרלאַנגען זי? — פרעגט בײַ מיר די דינסט אַ צע־שראָקענע.

— די ציין! אוי, די ציין! איך ווער משוגע!...

אין אַ רגע אַרום בין איך שוין געזעסן אויף אַ שטול מיט אַן אָפן מויל און איבער מיר איז געשטאַנען אַ געזונטער פאַרשוין אין אַ ווײַסן כאַלאַט מיט אַ צוואַנג אין דער האַנט.

— וועלכער צאָן טוט אײַך וויי? אַן אויבערשטער? אַן אונ־טערשטער?

— נישט קיין נפקא מינה.

— אַ פאָדערשטער? אַ באַק־צאָן?

— נישט קיין נפקא מינה. רײַסט, רײַסט! וועלכן איך ווילט זיך, אַבי רײַסט!

ער האָט מיר געריסן אַ געזונטן, אַ שטאַרקן, אַ פעסטן צאָן; צוויי שעה אפשר בין איך געלעגן בײַ אים אויפן אָטאָמאַן אַ פאַר־חלשטער, קוים זיך אויפגעהויבן, געקומען צו זיך און זיך געלאָזט גיין פאַמעלעך, טריט בײַ טריט, אַהיים, געגאַנגען און מיט אַ ליבער רחבות געשפּיגן מיט בלוט, און אויפן האַרצן איז מיר געווען אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם. מײַן אַנשיקעניש איז שוין נישט געווען.

---

איך בין אַרײַנגעקומען אין שטוב, איך האָב געעפנט די טיר פון מײַן צימער. בײַם טיש איז געזעסן דער גודניק און געוואַרט אויף מיר.

# די באַדייטונג פון האַנט און פינגער אין דער מענטשלעכער קולטור

(אַ ווויסנשאַפטלעך ווערק)

ווי באַוווּסט, איז איצט דערשינען אַ גרויס ווערק פון דעם באַ־רימטן שפּאַנישן פּראָפעסאָר פון מאַדרידער אוניווערזיטעט, וואַן־גאַגאַ־זולאַגאַ (לאַורעאַט פון דער נאָבעל־פּרעמיע פאַר קולטור־געשיכטע). דאָס דאָזיקע ווערק איז אין אַ קורצער צייט זיך צעגאַנ־גען אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרן. אין דעם ווערק ווערט מייסטער־האַפט און גרינטלעך אויפגעקלערט די ראָליע, וואָס די האַנט מיט אירע פינגער האָט געשפּילט אין דער עוואָלוציע פון מענטשלעכן שאַפן.

און אָט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער געשעעניש האָב איך אויך אויף דער זעלבער טעמע אָנגעשריבן דעם דאָזיקן וויסנ־שאַפטלעכן פּעליעטאָן־טראַקטאַט.

## „אַ קאַפּיטל חכמת־היד״

העגט זענען פאַראַן פאַרשידענע: „ריינע״ און „אומריינע״, „פאַרמאַכטע״ און „אָפענע״, „ברייטע״ און „שמאָלע״, „לייכטע״ און „שווערע״. הענט זענען נוצלעך צו פּאַטשן בראַוואָ, הויבן ביי אָפּשטימען רעזאָלוציעס, צום גיין אין אַ געוועט און צו האַלטן אין קעשענע (אין אַ פרעמדער, נאַטירלעך). הענט צו רעדן, צו דיספּו־

טירן, צו אַ קערטל, לעצטנס ווערן הענט מער געפּאָדערט צו אַ „ברידזש", איידער צו דער אַרבעט.

---

פינגער אין האַנט זענען דאָ פינף און יעדער פינגער האָט זיין פונקציע:

דער גראָבער פינגער איז, ווי יעדער גראָבער יונג, דער ערשטער. זיין הויפּט־ראָלע איז צו דרייען. איר קאָנט מיט אים אויסדרייען כל הטעאָריעס והשיטות והפּראָגראַמען שבעולם. איר קאָנט מיט אים אויסדרייען פאַרשידענע קאָנסטיטוציעס, טעאָריעס, עקספּאָזעס און פשטלעך. מאָראַליש־פאַרברעכערישע געמיינהייטן, אַנטיסעמיטיש־ייִדן־פריינטלעכע פילפולים, פאַשיסטיש־דעמאָקראַטישע קאָמבינאַציעס, סאָציאַליסטיש־אימפּעריאַליסטישע אַני־מאַמינס, מלחמה־ און פרידן־פּאַקטן. אַלץ ווערט ער אייך אויסדרייען, דער גראָבער פינגער.

מיטן גראָבן פינגער קאָנט איר באַווייזן, ווי מען נעמט יענעם אַרויס די קישקעס פון בויך:

— אַט־אַזוי־אַ!...

נאָר די מאָראַלישסטע מיסיע זיינע איז דאָס, וואָס מען קאָן אים אַריינשטופּן צווישן צווייטן און דריטן פינגער און אויסמייסטרעווען אַזאַ סימבאָלישע דריי־פינגער־קאָמבינאַציע, וואָס איז נויטיק, ווען מען בעט ביי דיר אַ חוב.

---

דער צווייטער איז פונקט דער צווייטער פינגער פון האַנט. ער הייסט אַזוי, „דער צווייטער", ווייל ער איז דער צווייטער פינגער. זיין נאָמען איז „ווייז־פינגער", מיט אים ווייזט מען אַ גאַנג, אַ וועג, אַ גאַס. הגם צו דעם צוועק ווערט ביי אונז אָממייסטן געברויכט דער גראָבער פינגער:

— זייען זיי אַזוי גוט און גייען זיי אַט אַהין.

מיט דעם דאָזיקן פינגער ווייזט מען אַ בעל־חוב די טיר.

דעם דאָזיקן פינגער באַנוצט מען אויך אַמאָל צוצורופן אויף דער גאַס אַן אומבאַקאַנטן פּאַרשוין און בעטן פייער אויף צו פאַר־רויכערן אַ פּאַפּיראָס.

---

דער דריטער פינגער איז דער לענגסטער, הגם דער מיטל־סטער. די הויפּט־פונקציע זיינע איז לעקן האָניק אָדער קאָנפי־טורן, נאָר נאָך באַקוועמער איז מיט מאַרמעלאַדע אויף ברויט.

און מחמת ער איז אַ גרויסער, קאָן מען מיט אים אויסדריקן גדלות. למשל, מען שטרעקט אים אויס צו דער ברופט און מען זאָגט: „איך!"

— „זאָל א י ך שוין אַזוי לעבן, ווי איך צאָל נישט!"

---

די אויפגאַבע פון פערטן פינגער איז נישט גאָר קלאָר. מעג־לעך, אַז דאָס איז בלויז אַ רודימענט, אַ פאַרבליבענע זאַך, אַ זאַך, וואָס אַמאָל האָט מען עס באַדאַרפט און היינט באַדאַרף מען עס נישט. שוין אָפגעטון זיך מיסיע און אָפגעלעבט. ווער ווייסט, אפשר האָט מען אַמאָל מיט דעם דאָזיקן פינגער געציילט געלט... און אפשר עקזיסטירט ער דערפאַר, כדי די האַנט זאָל האָבן פינף פינ־גער און מען זאָל קאָנען זאָגן: „איך קען אים, ווי מיינע פינף פינ־גער", און כדי עס זאָל זיין מיט וואָס אויסצופילן אַ הענטשקע. וועלכע באַשטייט אויך פון פינף פינגער. וואָרום וואָס פאַר אַ פּנים וועט עס האָבן, ווען עס וועט זיך באַמבלען אַ נישט־אויסגעפילטער פינגער פון דער הענטשקע סתם אַזוי, מיר נישט, דיר נישט.

---

דערפאַר אָבער איז דער פינפטער פינגער גאָר אַ חשובער פינגער. און נישט קוקנדיק, וואָס ער איז דער קלענסטער, האָט ער דאָך אַ סך אויפגאַבן און פיל מלאכות. קודם־כל קאָן מען מיט אים רייניקן דאָס אויער. אים פאַרבייגט מען דעם ערשטן, ווען מען דאַרף עפּעס אויסרעכענען, ווי, למשל: „ערשטנס קריגט מיין

טאָכטער נישט קיין חתן, ווייל זי האָט נישט קיין נדן" און שוין. די איבעריקע פינגער באַדאַרף מען שוין נישט בייגן. אָפטמאָל קאָן מען אָננעמען דעם שפּיץ פון קליינעם פינגערל און ווייזן, וויפל חכמה עס האָט אַ פּאַרטיי־מנהיג, אַ מיניסטער אָדער אַ דאָקטאָר־פילאָזאָפיע. אַ פּאָליטיקער קאָן אָננעמען אַ שפּיץ פון זיין קליינעם פינגערל און ווייזן, וויפל יושר ער האָט א. א. וו.

שלוס

מען מוז מודה זיין, אַז מיין אַריינפּאָר מיט דעם מאַדרידער פּראָפעסאָר זולייגאָ און מיט זיין ווערק איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה. לא דובים ולא יער. איך האָב עס סתם אויסגעטראַכט, כדי צו מאַכן מיין אַרטיקל אַקטועל און כדי צו פאַרבינדן אים, מיין אָפּהאַנדלונג, הגם עס איז, ווי יעדעס גרויסע ווערק, אויסער צייט און רוים.

# מיין על חטא

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב גענומען ביי אַן אַקטיאָר אַ קראַוואַט, צוגעזאָגט אים שרייבן אַ גוטע רעצענזיע, און נישט געשריבן.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב איבערגעשריבן אַ פרעמדנס אַרטיקל און פאַרגעסן אונטערצושרייבן יענעמס נאָמען.

על חטא שחטאתי לפניך — מיט עסן אַ גוטן מאָלצייט ביי איינעם אַ רייכן מחבר און וועגן זיין בוך אַפילו נישט דערמאָנט.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך בין געזעסן אין קאַפע אַ גאַנצן אָוונט, גאָרנישט קאָנסומירט און במילא נישט געצאָלט.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב באַקומען פון אַ לעזער אַ בריוו מיט אַ מאַרקע אויף תשובה און נישט געענט־פערט.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס נישט נאָר איך האָב נישט געענטפערט, נאָר די מאַרקע פאַרקויפט.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב אין מיינע אַרטיק־לען און פאָלעמיקעס דערמאָנט גרויסע מענטשן, וואָס האָבן גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב אין מיינע רעדעס און רעפעראַטן ציטירט פון ביכער, וואָס איך האָב אַפילו נישט געלייענט.

על חטא שחטאתי לפניך — מיט בעטן אַ פאַפּיראָס ביי יע־נעם, ווען אין קעשענע האָב איך געהאַט אייגענע.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב געגלייבט אַ שלעכ־טע פּיעסע פאַר אַן אומזיסטן בילעט.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב פאַרקויפט אַ רע־דאַקטאָר אַן אַרטיקל אַלס אַ נייעם, נישט געדרוקטן, און עס איז שוין געווען געדרוקט אַמאָל זיבן.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב נישט איינמאָל געענטפערט אַ דיכטער, אַ נודניק, אין טעלעפאָן מיט אַ פאַרשטעלטן קול, אַז איך בין נישטאָ אינדערהיים.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב געדרוקט אַלטע וויצן אַלס נייע און פרעמדע אַלס אייגענע.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס אויף מיין 75־גראָשנדיקן קראַוואַט האָב איך געזאָגט, אַז ער קאָסט דריי זלאָטעס מיט צ האַלבן.

על חטא שחטאתי לפניך — מיט אויסשניידן בילדער אין בלעטער פון זשורנאַלן און ביכער.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב אַראָפּגעגנבעט יאָרן אין מיינע ביאָגראַפיעס.

על חטא שחטאתי לפניך — וואָס איך האָב מיך צופיל גע־רימט אין מיינע אינטערוויוען.

על חטא שחטאתי לפניך — מיט יובילייס אויף פאַלשע דאַ־טעס.

על חטא שחטאתי לפניך — מיט איינשאַפן זיך אַ ביבליאָטעק פון געבאָרגטע ביכער.

# קינדער־דערציִונג

(לויט פישל שניאורסאָן)

דער מענער־שניידער מענדל איז אַ באַוווּסטזיניקער ייד, אַ בכּבודיקער שניידער. האָט אויסגעהאָדעוועט קינדער, חתונה געמאַכט. איצט האָט ער אַ מוזיניקל, יאָסל. האָט ער, דער שניידער, געלייענט אין די צייטונגען וועגן אַ פּראָפעסאָר, וואָס פאַרנעמט זיך מיט קינדער־דערציִונג לויט גאָר די נייעסטע וויסנשאַפטן און אַנדערע פּסיכאָלאָגיעס. האָט ער, דער שניידער, אַזוי געטראַכט: מה־דאָך אַ פּאָר הויזן, וואָס עס איז נישט אַזאַ לעבעדיק באַשעפעניש, דאַרף האָבן אַ שניידער אַ בעל־מלאכה, כּדי מען זאָל זיי גוט צושניידן, פאַרסטריגעווען, אויפנייען און אויספּרעסן, מען זאָל זיין לייטן־גלייך, — אַ פּשיטא שוין אַ קינד, אַ לעבעדיק באַשעפעניש, באַדאַרף דאָך אַוודאי האָבן דעם אמתן בעל־מלאכה, וואָס זאָל עס נעמען אין האַנט אַריין, און עס זאָל אַרויסקומען דאָס אמתע בגד.

האָט ער גענומען זיין יאָסעלען און איז געגאַנגען צום פּראָפעסאָר. געקומען צום הויז, האָט ער דערזען אויף אַ טיר אַ טעוועלע מיט אַן אויפשריפט. דער שניידער האָט אָנגעטון די ברילן און איבערגעלייענט:

— באַראַטונגס־שטעלע פאַר נשמה־עקספּערטיזע און סטיכיישער אימפּעראַטיוו און אינטימע פאָרשונגען פון קינדערשן לאַבירינט אין זיין אונטערבאַוווּסטזיין.

דער שניידער האָט אָפּגעווישט דעם שטערן, אָפּגעטעמט נאָך דעם שווערן לייענען און איז אַריין אינעווייניק.

עס איז אַרויסגעקומען דער פּראָפעסאָר:

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?

— איך בין געקומען צו אייך, הער פּראָפעסאָר, — האָט דער שניידער געזאָגט, — איך האָב געהערט, אַז איר האָט אַ פּראַצאָווגיע, ווו מען מאַכט קינדער פאַר מענטשן, האָב איך אייך געבראַכט מיין קינד, מיין מוזיניקל יאָסעלען, איר זאָלט אים נעמען אין האַנט אריין לויט אייערע נאַוקע און פּסיכאָלאָגיע און מאַכן פון אים די אמתע כּלי.

— איז עס אַ דעפעקטיוו קינד? — האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט, אָננעמענדיק דאָס קינד ביי דער גאָמבע.

— וואָס איז דאָס אַזוינס, הער פּראָפעסאָר?

— איך מיין, צי האָט דאָס קינד ערגעץ אַ מיחוש, עפּעס אַזאַ מין חולאת, צי עפּעס אַ משוגעת?

— חלילה, הער פּראָפעסאָר! אַ געזונט קינד.

— טויג נישט. אַ קינד דאַרף האָבן עפּעס אַ מיחוש, אַ נערוואָז... וואָרום אַ קינד, וואָס האָט אַ קראַנקהייט, איז לויט פּסיכאָלאָגיע דווקא אַ געזונט קינד. האָט איר געמאַכט אַ פּסיכישע אַנאַליז?

— איך ווייס? מיט צוויי חדשים צוריק איז דאָס קינד געווען נישט מיט אַלעמען, האָט דער פעלדשער טעמקין געמאַכט אַן אַנאַליז פון אורין, גאָרנישט געפונען.

— זיכער גאָרנישט?

— גאָרנישט.

— טויג נישט. וואָרום אויב גאָרנישט, איז אַ סימן עפּעס... על־פּי שיטת חב״ד און פּראָפעסאָר ליכאַראַדקע. און קיין פּסיכישע וויטאַמינען האָט איר נישט געזוכט?

— ניין, הער פּראָפעסאָר.

— און ווי איז מיט זיין אונטערבאַוווסטזיין?

— געלויבט דער אויבערשטער, רעגולער. אַמאָל איינמאָל אַ טאָג, אַמאָל צוויי מאָל.

— און זיין סטאַטישע דינאַמיק?

— איך ווייס נישט.

— טאָ גייט אַהיים און געפינט עס אויס.

— ווי אַזוי, הער פּראָפעסאָר, זאָל איך עס אויסגעפינען?

— דאָס קאָנט איר אויסגעפינען לויט זיינע חלומות און נעכ־טיקע טעג, על־פּי נוסח זיגמונד פרויד און רבי אלימלך, נאָר נאָך בעסער לויטן שפּיל. איר דאַרפט אונטערזוכן זיין שפּיל.

— וועלכע שפּיל?

— דאָס הייסט, דעם אופן, ווי אַזוי דאָס קינד שפּילט זיך, קאָנט איר אויסגעפינען זיין פּסיכישן אינטים, אין זיין געשטאַלטונג, אין דער צוקונפט. למשל: דאָס קינד שפּילט זיך אין פערדלעך, איז אַ סימן, אַז עס האָט אַ נטיה צו ווערן אַ מנהיג און אַ פירער. אויב ער האַלט אין מאַכן קאָזשעלקעס, איז אַ סימן, אַז עס וואַקסט אַ בינע־קינסטלער. אויב עס האַלט אין פלוידערן, וואַקסט עס זיכער אַ רעדנער. אויב דאָס קינד האָט אַ נטיה צו זאָגן ליגן, איז עס אַ זיכערער פּאָליטיקער, דיכטער, רעפּאָרטער וכדומה. אויב עס האָט אַ טעמפּ קעפּעלע, וואַקסט עס אַ דאַזאָר. האָט ער ליב אַרומצו־לויפן, וואַקסט עס אַ משולח פון אַ כלל־ישראל־אָרגאַניזאַציע. דאַ־קעגן, שלאָפט עס צופיל, וועט עס זיכער זיין אַ פרעזעס פון אַ רע־טונגס־אַקציע א. א. וו. א. א. וו.... הכלל, גייט אַהיים און מאַכט איבער אייער קינד די אַלע דאָזיקע פּסיכאָ־אַנאַליטישע עקספּעריי־מענטן, שטעלט־פעסט די צאָל פון זיינע גייסטיקע וויטאַמינען. דער עיקר, מאַכט אַ נשמה־עקספּעדיציע צו זיין אינטואיציע און פאָרשט אויס זיין ספערישן אינטים.

— מיטן טראַמוואַי?

— צופוס. דאָס הייסט מיטן „גייסטיקן צופוס", על־פּי נוסח דזשעמס און חיים גראַוויצער. ווייטער זאָלט איר זען יעדע נאַכט צו חצות אויפוועקן אייער קינד און לערנען מיט אים אַ קאַפּיטל פון מענטש־וויסנשאַפט. ווען איר וועט דאָס אַלץ טון, וועט דאָס קינד זיכער ווערן אַ דעפעקטיוו קינד און זיין מסוגל צו אונזער שטודיום.

# יידיש פאַר טערקן

(לויט נח פרילוצקי)

אַקוראַטצייטיק און אָפּנקאַנטיק האָבן מיר זיך געשייערט צו צעקנאַקן די קלאָץ־קשיא: צי זאָלן מיר גיין צו די זעלבסטפאַר־וואַלטנדיקשע וואַלעגישן, צי ביין?

וואָרן נישט גיין איז דאָך פורע אונטערטענעוודיקייט און באַ־שיינפערלעכדיקע לעמעשקעוואַטעוודיקייט.

און עס איז פאַר אונז סתם נישט שכיח צו גיין אַהינצו־צו־צו, ווו מען קוקט אויף אונז ווי אויף אַ קוקעדעלע, ווו מען דרייט אונז אַ פּיעקעליק און מען צוויקט אונזערע פּיענטעס, אָדער, ווי מען זאָגט אין באָברויסק, פּיאַטעס.

אגב־אורחהדיק וועט מען דאָך אונז דאָרטן נישט לאָזן עפּע־נען קיין לעפץ. נייערט מיר וועלן אָכצן און שלוכצן (דאָס נעמלע־כע, וואָס יאָכצן און בוכצן) און עס וועט אונז שלאָגן די שטרינגע גרינגע גאַל. (גרין נעמט זיך פון דעם וואָרט „גרינע בלאַט". ווען גרין וואָלט געשטאַמט פון דעם וואָרט „געלע געלעכל", וואָלט גרין געווען פּאָפּיליאַטע (זע מיינע דיאַלעקטאָלאָגישע פּאַראַלעלעכצן).

זאָלן מיר יאָ גיין, זענען מיר דאָך נישט קיין שיפּע זיבעלע, אַז מיר זאָלן זיך לאָזן אָדער לאָזן זיך זאָלן, אָדער לאָזן זאָלן לאָזן גיין אין די פּאָדהאָלאָבלעס און נאָכטאַנצן ווי אַ מאַלפּע (אויף יידיש „אָבעזיאַנאַ") נאָך יענעמענס פּייפעיאַל, אָדער טרומייטער.

און דאָס איז דאָך קלאָר, ווי אַ קאַלטער באָרשטש, אַז מיר זע־מיר אַ פּאַרטיי און יעטווידע פּאַרטיי גיט אַ דריי און לייגט אַן איי,

היינט איינס און מאָרגן צוויי... ווי מען זאָגט אין אַפּט, לאַפּסק און אין עלזאַס־לאָטרינגען.

דרימער־אַרימער זאָגן מיר אָפּנמוויליק און האַרטנאַקיק: בעט ביי מיר אַ ציבעלע (אין בערדיטשעוו איז דאָ אַ משוגענער, זאָגט ער „צימבעלנע״) פאַר די גאַנצע וואַלענישן. מיר גייען נישט און באַם! לאַ מיט אַ כרעמזל! אָדער ווי מען זאָגט אין פעלצעוויזנע, „לאַ מיט אַ זאַסלינקע״, אָדער, ווי מען הערט עס אין לעכעוויטש, „לאַ מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש, אָדער ווי מען גיט איבער פון ביילאַכאָוו, „לאַ מיט אַ פּיעטרישקע״ א. א. וו. א. א. וו...

און עס איז פאַר אונז נישט קיין גרויסע לאַשנאָשק, מיר זאָלן צעפּאַלפערן אונזער ענערגיע אויף צעטרענצלעניש.

און סתם, וואָס איז עפּעס דאָס כאַפּלאַפּעניש? ווי שטייט דאָרט אין קב הישר, דף י״ב: כאַפּט נישט. עס איז נישט קיין לאָקשן (לאָקשן — אַ וואָרט, וואָס מען הערט אָפּט אין אַ סך שטעט אין גאַליציע, אין לעמבערג אויך. אין צאָל: לאָקש — לעצט טראָף אויף דעם ענד זאַץ).

פּ. ס. ווען ביי מיר וועלן זיך אָנזאַמלען נאָך אַ פּאָר אויסטער־לישע ווערטער, וועל איך שרייבן אַ נייעם אַרטיקל.

# בריוו פון אַמעריקע

(לויט נחמן מייזיל)

אַמעריקע פאַרמאָגט אַ יונג יידיש־קרייז נישט ערגער פון „יונג ווילנע" און ביאַליסטאָקער ליטעראַטן־פאַריין.

און דעריבער האָט זי כשר פאַרדינט, אַז איך זאָל איר מאַכן אַביסל פּובליסיטי און מאַניפעסטירן איר גרויסקייט אויף די שפּאַלטן פון מיינע „ליטעראַרישע בלעטער".

צו דעם צוועק האָב איך באַשלאָסן צו שטודירן דאָס לאַנד אין איר ברייטער לענג און לאַנגער ברייט. די אַרבעט איז אַ שווע־רע און אַ גרויס־פאַרנעמענדיקע און פאַרנעמענדיק־גרויס. איך האָב אַליין געזוכט דעם ברענענדיקן נערוו, ווו דאָס גאַנץ אַמעריקאַנער לעבן און אומוועגן־שטעגן און אומשטעגן זאָלן זיך קרייצלען אין זיין פיל־פאַרביקער פּיסהאַרמאָניע.

אַזאַ געלעגנהייט האָט מיר געגעבן דער דיכטער חבר לאַפּין, וואָס האָט איינגעאָרדנט אַ גלעזל טיי לכבוד דער דערשיינונג פון באַריישאָס ניי ביכל „יאָשע היטלמאַכער".

דאָ האָב איך זיך געטראָפן מיט די גרעסטע פּאָטענטאַטן פון אַמעריקאַנער לעבן, מיט די שעפער און בויער, בויער און שעפער פון דער יידישער ליריק, ווי: קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, לעיעלעס, צילע דראָפּקין, אסתר שומיאַטשער, חיים קרול, פּלאַניק, יענטע סערדעצ־קאַ, שרה רייזין, מרים קאַרפּילאָוו — מיט איין וואָרט, די אַלע די,

וואָס האַלטן אין זייערע הענט דעם גורל פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, קאַנאַדע און אומגעגנט.

צילע דראַפּקין האָט פאַר מיר איבערגעלייענט איר פּאָעמע „די הימישע ציג" און מלכּה לי: „דער טרויעריקער טינטער".

אַז מען וועט מיך פרעגן, וועלכע פּראָבלעמען פייניקן איצט אַמעריקע? וועל איך ענטפערן: אַמעריקע פייניקט זיך איצטער מיט איין פּראָבלעם: ווער איז אַ גרעסערער דיכטער: מ. אָדערשלעגער, צי מרדכי דאַנציס?

ווייטער געפינט זיך איצט אַמעריקע אונטערן צייכן פון דעם גרויסן קאָנפליקט צווישן די צוויי לאַגערן אין אַמעריקאַנער לעבן: די „אינזיכיסטן" און „אויפקומיסטן", וואָס לייגט אַרויף איר האַרבן שטעמפּל אויף דעם גאַנצן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

מען האָט מורא פאַר אַ בירגער־קריג. דער שאָטן פון שפּאַניע שוועבט איבער אַמעריקע.

אַז מען וועט מיך פרעגן: מיט וואָס לעבט איצט אַמעריקע? וואָלט איך ענטפערן: אַמעריקע לעבט איצט מיט איין פראַגע: וואָס האָט געמיינט לייוויק מיט דער פראַזע אין זיין לעצטן לידל „גאולהעוודיקייט"? אַפילו די כינעזער און איטאַליענער פרעגן די שאלה.

און קיין ענטפער איז נישטאָ.

אויף מיינע זוכענישן איבער די וועגן־שטעגן און שטעגן־אומוועגן פון אַמעריקאַנער לעבן, האָב איך באַגעגנט און דעם בויער און שעפער, שעפער און בויער חבר וויינפּער. איך האָב אים געפרעגט: וואָס ער שאַפט און בויט איצט. האָט ער מיר געענטפערט, ווי אַ בוילטער גזלן, אַז ער רייסט אַראָפּ אָפּאַטאָשון. בין איך געפאַלן אין חלשות. אַ נס, עס איז אָנגעקומען ברוך גלאַזמאַן. האָב איך אים געפרעגט, וואָס ער בויט און שאַפט איצט? האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער גייט אַראָפּרייסן וויינפּערן, האָב איך זיך באַרויקט. איך האָב באַקומען די נשמה־יתירה און איך האָב מיך געזעגנט מיט אַ גרויסן וועלט־באַנעם.

זאָל לעבן און געזונט זייך, זאָל געזונט זיין און לעבן דער בויער און שעפער, שעפער און בויער חבר אָפּאַטאָשו, וואָס בויט און שאַפט, שאַפט און בויט דאָס בויונג און געשאַפעכץ פון אונ־זער באַשאַף.

אָט אַזוי זעט אויס דאָס גרויסע אַמעריקע מיט געראַנגל און קלאַסן־קאַמף, מיט אירע אויפטרייסלונגען און קאַליזיעס, מיט אי־רע ברייטע לייזונגען און לייזונטענע ברייטקייטן.

# דער סוד פון הינער־אויגן

(לויט ישראל שטערן)

הילכיקע פּאַרטאַיעטקייט, וואָס איז פול מיט אומעטיקן פּויק־ און טאַצן־קלאַפּעניש, טרויעריקער שישו ושמחו־האָפּערדיקייט מיט פּאַריתומטן שורים־בורים־ומפליא לעשותדיקייט.

דאָס איז דער מיסטישער הינער־אויג!

דאָס אויג, וואָס זעט און זעט נישט, ווי די בלינדע קישקע להבדיל.

און איך מיין אויך: עס איז כדאי צוצעשפּאַלטן אַ הינער־אויג און אַריינקוקן אין זיין מיסטישן אוניווערסום.

וואָרום פיר זייטן האָט אַ... שוויץ־באָד.

מיסטיש־שרייעוודיקע וואַרעמקייט, שאַרף־מיסטישע צעיאַכמערטקייט, בעזעם־פּאַרע פּקוח־נפשדיקייט. און דאָס פּערטע — איז נישט אייער באָבעס עסק.

און כדי עס זאָל זיך קייטלען און קלעפּן, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט, ווי איך האָב ליב, זאָג איך:

צוויי גלייכע זאַכן זענען דאָ אויף דער וועלט, וואָס זענען ענלעך ווי צוויי וואַלעריאַנע טראָפּנס: אַ זאַלץ־מעסטל און אַן עפּל־בוים.

וואָרום אַ זאַלץ־מעסטל וואָלט נישט געווען קיין זאַלץ־מעסטל, ווען אין דעם וואָלט געלעגן שמעק־טאַבאַק. דערפאַר אָבער וואָלט אַן עפּל־בוים נישט געווען קיין עפּל־בוים, ווען אויף אים וואָלט געוואַקסן רעטעך.

ריכטיק, ווי גאָלד; זאָלן מיר ביידע אַזוי לעבן.

און טאָמער פאַרשטייט איר נאָך אַלץ נישט, וועל איך עס אייך מרחיק מן השכל זיין.

למשל, נאָפּשיקלאַד:

ווען אַ מענטש זאָגט: איך וויל טיי מיט וואַרעניקעס, איז אַ סימן, אַז ער וויל טיי מיט וואַרעניקעס און נישט, אַז מען זאָל אים אַרויסרייסן אַ באַק־צאָן מיט זיינע פּעריפעריעס.

און ווילט איר, אַז ער זאָל האָבן דאָס, וואָס ער וויל, מוזט איר אים געבן טיי מיט וואַרעניקעס, הגם דאָס וועט נישט זיין דאָס, וואָס ער וויל.

וועט איר דאָך פרעגן: ווי באַלד ער וויל טיי מיט וואַרעניקעס און איר גיט אים טיי מיט וואַרעניקעס, האָט ער דאָך, וואָס ער וויל?

איז דער תירוץ, וועלכער איז, ווי יעדער תירוץ, זייער קשה:

עס זענען דאָ מענטשן, וואָס, אַז זיי ווילן עפּעס, ווילן זיי נישט דאָס, וואָס זיי ווילן, נאָר עפּעס אַנדערש ווילן זיי.

דהיינו:

זיי ווילן דערלאַנגען דעם רעכטן אויער מיטן לינקן פוס פון אונזער נשמה־דיכטונג.

אויף דעם זאָגט דער דיכטער ר׳ נחמן בראַצלאַווער —

„מייך ליבכען, וואָס ווילסטו נאָך מער?״

און דאָ ליגט דער תמצית פון אונזער קלאָרער מטושטשקייט און געקליגלדיקע יוצא דוסנדיקייט, וואָס איז אַ משל צו אַ טאָרבע פלעקעו.

און אַרדבה?

און אפשר טאַקע, אַדרבה?!

און אפשר נאָך מער, ווי אַדרבה?!

# די פּאַקאָיוווקע

(לויט אפרים קאַגאַנאָווסקי)

איך בין געלעגן אין אַ צימער נומער 13, אין פּענסיאָנאַט פון זלמן קרייקין און האַלב געגענעצט.

אַ שאַרפער נירן־אַטאַק האָט געשטאָכן מיר אין די אַקסלען. מיין לעבער איז געווען צו הויך, מיין מילץ — צו נידעריק, מיין פענכערזש — צו טיף און אַלץ אינאיינעם האָבן שטאַרק געדריקט אויף מיין מיטעלער קישקע.

איך בין געווען האַלב־טויט.

אַ קלאַפּ אין טיר. — איך האָב מיך אויפגעכאַפּט.

דאָס איז זי — רוכטשע, די ליאַלע, מיטן ערשטן פרישטיק.

רוכטשע איז אַ פּאַקאָיוווקע אין פּענסיאָנאַט ביי זלמן קרייקין. זי האָט אַ בלענדנד־גאָלדן לייב, לאַקירטע אויגן און פּיאָלעטע באַקן־ביינער.

זי איז אַריין, און אַ זיסע שטעכעדיקייט, ווי אַ פלאַש זודיקער אָקעוויט האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע ווינקעלעך פון מיין ברונעטער מענערישקייט.

דאָס איז זי, די פרוי, מיט איר וואָגיק געוויכט און איר מעכטיקער ווייבלעכקייט. דאָס איז זי, וואָס איך האָב אויסגעפאָרעמט אין די זומערדיקע ווינטער־נעכט.

רוכטשע.

— רוכטשע, — האָב איך געזאָגט מיט אַ צעשפּאָלטענעם קול, ווי אַ צעשפּאָלטענער טאָפּ, — רוכטשע!

— וווּ? — האָט זי איבערגעפרעגט מיט אַ האַלב־וואָרעמען שליקעכץ.

— רוכטשע, — האָב איך ווידער געזאָגט מיט אַן אָנגעגליטן פיבער פון אַ הייסן פּרעס־אײַזן, — ווייזן זי מיר דאָך אַ שטיקל פון אינס אַנטציקנד־בלענדנד לייב און מעכטיקע פּיס.

— רעדן זי דאָך נישט קאַ' גלופּסטוועס. כ'האָ' ניש קאַ' לאָב.

— אָבער, כאָטש אַ שטיקל פון אינס ליטקע, וואָס בלאָנקט אונטער דעם וואָלענעם זאָק, ווי אַ מעשענער סאַמאָוואַר און וואָס זועקט אין מיר פאַרבאָרגענע באַגערן.

— כ'האָ' ניש קאַ' ליטקע און ניש קאַ' סאַמאָוואַר און פאַר־דרייען זי מיר ניש קאַ' פּיעקעליק.

— טאָ צייגן זי מיר כאָטש אַ שטיקל פון אינס הויכן ביוסט, וואָס איז אָנגעקוואָלן און צעפלאַמט, ווי אַ צעשפּאָלטענער אַרבוז.

— מיין ביוסט איז נישט אויף באַשוי און נעמען זי אַוועק אינס עראָטיטשנע ראָנטשקעס, — האָט זי אַוועקגעשאַרט מיינע הענט, וואָס זענען געבליבן הענגען אינדערלופטן, ווי וועש אויף אַ שיטערן פּלויט אין אַ ווינטערדיק וועטער.

אַ צאַפּל פון גליִענדיקער מענערישקייט האָט זיך צעגלימערט אין מיר, ווי פון אַן אַמעריקאַנער אויוון. איך האָב איר מיט מיינע צוואַנגען־הענט אַרומגעכאַפּט קוים אַ האַלבע טאַליע און — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אויף איר בלוזקע האָבן אויפגעפּלאַצט 11 העקעלעך, 12 בענדלעך און 23 ביינערנע קנעפּלעך.

— וואָס ווילן זי טון מיט מיאָ? — האָט זי געריטשעט, ווי אַ שטעכעדיקער פויגל. — זי זענען אַ לאָבוז און אַ קאַטאַזשאַן! יאָך וועל דערציילן מיין אייניקל מעכל דזיאָב, וועט זיין אַ רוח אין ענקער...

אַ שטראָם לעבלעכע קאַווע האָט אַ פּלייץ געטון איבער מיין מענערישער פיגור.

מיר איז געוואָרן האַלב אומעטיק.

# מיין עקזאָטישע רייזע

(לויט ד״ר ח. שאַשקעס)

פון קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק בין איך מיט אַן אונטערוואַסער־שיף געפלויגן קיין סאַראַגאָסאָ, דאָ האָט מיך אויפגענומען גענע־ראַל פראַנקאָ אין זיין פּריוואַטן גענעראַל־שטאַב.

מיר האָבן געהאַט צו באַשטימען אַ וויכטיקן ענין. נאָר צוליב דער גרויסער באָמבאַרדירונג און קנעלערייַ פון האַרמאַטן, האָט מען נישט געקאָנט רעדן.

— בירגער־קריג אויף מיין קאָפּ, — האָט גענעראַל פראַנקאָ זיך פאַר מיר באַקלאָגט. — נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט, און קיין גראָשן אין קעשענע איז נישטאָ אויף אַ רפואה.

— מאַכט אַ סוף צום בירגער־קריג, פאַניע פראַנקאָ, — האָב איך אים געראָטן, — פאָלגט מיך. אַן עק זאָל עס נעמען. און איך וועל אייך אויסכלאַפּאָטשען אַ הלוואה פון אַ יידישער קאָאָפּע־ראַטיווער באַנק.

דערהערט פון מיר אַזעלכע ווערטער, האָט פראַנקאָ אויפגעע־עפנט די פענסטער און אויסגעשריגן:

— שאַ! שטיל זאָל זיין! שטעלט אָפּ דעם בירגער־קריג. איר זעט נישט, אַז איך האָב אַ גאַסט? מען קאָן דאָך אַ וואָרט נישט רעדן!

ביים געזעגענען־זיך האָט ער מיר געדריקט די האַנט און פאַרגעלייגט, איך זאָל ווערן ערן־טאָרעאַדאָר פון אַלע אָקסן־קאַמפן.

— אַ דאַנק, — האָב איך געזאָגט, — אפשר אויף צוריק־וועגס: איצט האָב איך נישט קיין צייט צו ווערן ערן־טאָרעאַדאָר.

— טאָ נעמט כאָטש סתּם אַ פּאָר אָקסן. אין אַ גויט וועלן זיי אייך צונוץ קומען...

איך האָב גענומען אַ פּאָר אָקסן, זיך אַוועקגעזעצט אויף זיי און בין ווייטער געפלויגן.

אַזוי פליענדיק, זענען מיר געקומען קיין פּדן־ארם, אַ פּאָר־שטאָט פון אור־כּשדים. (דער נאָמען אור־כּשדים נעמט זיך, מסתּמא דערפון, ווייל פון דאָרט שטאַמט אורקע נאַכאַלניק).

אין פּדן־ארם בין איך געוואָרן אויפגענומען פון קעניג אגרהמלגרמלאך ראַק מלדזיאַזום, וואָס איז אַן אָפּשטאַם פון אבי־מלך', דער מלך' פון גרר...

דער קעניג האָט איינגעאָרדנט פאַר מיר אַ גרויסאַרטיקן מאָלצייט, אויף וועלכן איך האָב געטאַנצט אַ בויך־טאַנץ מיט פאַר־שידענע פיגורן, וואָס האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ גרויסן איינ־דרוק.

אויס דאַנקבאַרקייט האָט ער מיר געשענקט אַ העלפאַנט, אויף וועלכן איך בין געקומען צופליען צום טייך פּישון. דאָ האָב איך געדונגען אַ קראָקאָדיל ערשטע קלאַס און אַריבערגעשווומען דעם טייך, ווו עס הויבט זיך אָן דער ים־סוף. דאָ האָב איך געדונגען אַ ים־קאָטער מיט אַ סליפּינג, וועלכער האָט מיך געבראַכט צום מדבר' סיני.

און דאָ האָט מיט מיר פּאַסירט אַ מערקווירדיקער פאַל:

אַזוי ווי איך פאָר זיך אויף מיין מויל־אייזל איבערן מדבר, קומען מיר אַנטקעגן צוויי ריזיקע אַפריקאַנער לייבן. לייבן — זאָג איך אייך, ווי די בערן! פאַר שרעק האָט מיר גענומען קלאַפּן די צאָן אָן אַ צאָן. האָבן די לייבן, אַפּנים, געמיינט, אַז דאָס שיסט איך פון אַ קוילנוואַרפער, און זענען אַנטלאָפן.

ערשט אָוונט־צו בין איך געקומען קיין פּרס־ומדי, די הויפּט־שטאָט פון כּוש, הודו און ברוך שאמר. דאָרט בין איך געגאַנגען אויף מרדכי הצדיקס קבר און געבענטשט גומל.

אויף מאָרגן בין איך שוין געווען אין סטאַמבול. גלייך איז

צו מיר געקומען צו לויפן דער טערקישער פּאָדפּאָלקאָווניק און מיך איינגעלאַדן צום סולטאַן.

דער סולטאַן אַבדול־יששכר־בלק לאַפּידוס איז געזעסן אין זיין האַרעם צווישן 3791 קעפּס־ווייבער און געקנאַקט טערקישע ניס מיט אַ האַרמאַט.

דריי טעג און דריי נעכט האָט געדויערט דאָס פאָרשטעלן מיך פאַר זיינע ווייבער, און תיכף בין איך צוגעטרעטן צו גרינדן אַ פאַרייניקטן ווייבער־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס זאָל געהערן צום טער־קישן רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד.

— מיט וואָס זאָל איך אייך אָפּדאַנקען, פּאַניע שאָשקעס, — האָט דער סולטאַן געפרעגט, — פאַר אייער טרחה? ווילט איר אפשר ווערן מיין הויפּט־יעזונוך?

— אַ דאַנק, — האָב איך געענטפערט, — איך האַלט נאָך נישט דערביי. אויב אייער טערקישן עקסעלענץ איז נישט שווער, וואָלט איך בעטן, מען זאָל מיך פירן אין אַ טערקיש באָד.

— ז׳באָלשים אודאָוואָלסטוויעם, — האָט דער סולטאַן איינ־געשטימט.

גלייך האָבן מיך אויפגעכאַפּט 378 יעזונוכן און מיך געבראַכט אין באָד אַריין.

דאָס דאָזיקע געשעעניש וועל איך אי״ה באַשרייבן אין אַ צווייטן אַרטיקל, ווו די לעזער וועלן זען באַשיינפערלעך, ווי אַזוי מען פירט אין באָד אַריין.

# דער סדר און זיינע ניגונים

(לויט מ. קיפנים)

לויט ווי די גענויאַלע מעלאָמאַנען באַהויפּטן, זענען די הגדה־קאָמפּאָזיציעס, וואָס יידן זינגען צו די סדרים, אַנטשטאַנען בשום־אופן נישט מיט אַ צייט פריער, און נישט מיט אַ צייט שפּעטער, איידער זיי זענען באַשאַפן געוואָרן; נעמען מיר, צום ביישפּיל, די מעלאָדיע, וואָס שמואל־אליהו דער שמוקלער זינגט צו „כרפּס״, בשעת ער טונקט די פּעטרושקע אין זאַלץ־וואַסער, זעט מען באַשיינפּערלעך, ווי עס שמעקט מיט געזאַלצענע מעטשאָוואַטשעס. דאַקעגן ווען איר עסט דאָס זאַלץ־וואַסער מיט אייער, פילט איר די וויבראַציע פון גאָגל־מאָגל פּיציקאַטאָ.

די גרויסע וויסנשאַפטס־מענער פון חושך־מצרים באַווייזן, אַז דער ניגון פון „כהא לחמא״ איז פאַרשלעפּט געוואָרן פון מצרים מיט די איבעריקע חזנישע כלים, וואָס די יידן האָבן פון דאָרט אַרויסגעפירט. און דאָס קאָן באַשטעטיקט ווערן דערמיט, וואָס די אָפּערע „אַידאַ״ ווי אויך די פּאַפּיראָסן (עגיפּטישע פּאַפּיראָסן) זענען פול מיט קלאַנגען פון דם ואש ותמרות עשן.

דאַקעגן דער „מה־נשתנה״ — דאָס איז אַ ריכטיקע „קאַנטאַטע״, ווייל עס באַציט זיך צום טאַטן, בשעת דער „עבדים היינו״ איז לויטער „קאַנאַמאַמע״; איבעריקנס איז עס נישט קלאָר.

וואָס מיר איז קלאָר, איז בלויז דער ענין פון די מכות אין מוזיק. יעדע מכה האָט איר אייגענע מוזיקאַלישע מאָדיקאַציע, מאָדו־

לאַציע אין טעמפּאָ און סטיל. אַזוי, למשל, פילט איר ביי „צפרדע״, ווי אַ האָגל גייט, ביי „ברד״ — ווי זשאַבעס קוואַקען.

עס איז כּדאַי טיפּזיניק צו באַמערקן, אַז די סדר־קאָמפּאָזי־ציעס ווערן איינגעטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס: פ אַ ר ווּעטשע־רע און נ אָ ך ווּעטשערע. בשעת די ערשטע זענען מינאָריש, זע־נען די צווייטע מאַדזשאָריש. בשעת די ערשטע קלינגען הגדיש, קלינגען די אַנדערע קניידלדיק. (פּאָרטיסימאָ).

דערפאַר איז דער „חד גדיא״ אַזאַ טריומפאַלע אָראַטאָריע, ווּ איר פּילט באַשיינפערלעך, ווי דאָס ציגעלע מעקעט קאָלאָראַ־טוריש, מיט אַנדאַנטע קאָזעמאַטאָ.

און איצט גייען מיר איבער צו דעם „ישקני״. די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע ווערט געזונגען אין פאַרשידענע אופנים, אַלס רעטשי־טאַטיוו און אַלס אַריע, אין סאָלאָ און אין כאָר, מיט אַ קלונג און אָן אַ קלונג, פּיאַניסימאָ, פאַלצעטאָ און פּאָרטאָמאָדעראַטאָ. אַמאָל זינגט מען אים אויך אויס פייערלעך־עקסטאַטיש און אַמאָל ליריש־ענקאַסמעסאָלדעכאַטאָ.

# פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיה

דאָ הייסט עס: „אַן אָנפאַל",
דאָרטן הייסט עס: „צופאַל",
דאָ הייסט עס: „עקסצעסן",
דאָרטן פשוט: „שחיטה" —
רוף, ווי דו פאַרשטייסט.
דאָ הייסט עס: „קאָנפליקטן",
דאָרטן הייסט עס: „פוטשן",
דאָ הייסט עס: „אומרועזן",
דאָרטן: „אינצידענטן" —
מאַלע, ווי עס הייסט.
און נאָך ערגעץ אַנדערש
רופט מען עס: „באַפרייונג".
„חבלי המשיח",
ליידן פון דער „גאולה", —
מילא, אויך אַ טרייסט,
נאָר פאַרוואָס ביי אַלעם,
ביי אַלע „שמחות"
קריג איך מער געשלאָגן,
קריג איך מער געלייזט?
זאָג, פאַרוואָס ביי אַלעם,
אויף די אַלע „שמחות"
ווער איך מער געבלוטיקט,
זאָג נאָר, אויב דו ווייסט?

# מיין פּראָטעסט!

אַ, אומגליקלעכער ברודער פון אַלזשיר,
נישט זיי בײַ זיך געפאַלן.
ווי דו זעסט,
בין איך אַצינדער איבער קאַרק
פאַרנומען שטאַרק
מיט מיין פּראָטעסט.
איך טו אַצינד
און פּראָטעסטיר,
פאַר דיר, פאַר דיר,
אַ, ברודער פון אַלזשיר!
אַזוי איז אונזער גורל
אויף דער וועלט:
די וועלט,
זי קנעלט
מיט אונז
פון אייביק אָן
אויף איר פּאַסאָן.
זי שלאָגט,
און פּלאָגט,
און פּרעסט,
און פּרעסט,
און איך, ר׳ יידל, לויף אין שול

און דריק מיר אויס
העפטיק,
קרעפטיק
מיין פראָטעסט...
און גאָט דער ליבער —
ער פאַרגעסט
אונז נישט
און שאַפט אונז שטאָף
אי דאָרט, אי דאָ,
אַ יעדע שעה
צוליב פראָטעסט.
בערלין, אַלזשיר
און בודאַפעשט,
מאַראָקאָ, שאַוועל,
בוקאַרעשט,
טערקיי, קאַיר
און נאַצי־פעסט,
אין זיד, אין נאָרד,
אין אָסט און וועסט.
און ייִדן זענען ברוך־השם,
דאַן אויף דער גאָרער וועלט,
און מענטשן־פריינט און „ציוויליזאַציע״
אויך נישט פעלט, —
איז שלאָגט מען דאָרט,
מאַך איך דאָ פראָטעסט;
איז שלאָגט מען דאָ,
מאַכסטו פראָטעסט.
„היינט איך,
און מאָרגן — דו״.
און אַרבעט איז פאַראַן...
אונזער הילף
די איינציקע,

די קעגנזייטיקע,
אַלוועלטלעך־ייִדישע,
אַ כּלל־ישׂראלדיקער
טרעסט
בלויז פון פּראָטעסט,
אַ טרעסט
פון טרערן־מיליאָנערן
און זיפצן־אַקציאָנערן.
הייַנט מאַכסטו „אל מלא רחמים” מיר,
און מאָרגן מאַך איך „מלא רחמים” דיר.
קאָזשעניצער קהלה,
באָלעכאָווער גמינע,
דאַנציגער געמיינדע,
פילאַדעלפיער „אנשי טריסק” —
אַלע דונערן מיר
מיט פּראָטעסט!
אָ, איך לאָז מיר נישט
שפּייַען אין דער קאַשע!
כ'פאַרמעסט
מיך ברייט און ווייט
מיט מייַן פּראָטעסט!
ס'איז גרויס און גראַנדיעז
מייַן זשעסט!
מיר קאָנען אויך דערלאַנגען קלעפּ,
אי שטאַרק, אי פעסט,
נאָר, ווער, —
בלויז מיט פּראָטעסט.

# שויבן

רומעניע, לאָדזש און יאַפּע,
בערלין און מאַזאָוויעצק און מעמעל —
איך בין מיר אויף דער וועלט פּאַרטראָטן,
אין יעדן לאַנד האָב איך מיין קרעמל.

צווישן אַלערליי קלימאַטן,
אין הימלען,ביימער, טייכן, גרעזער,
און אומעטום די זעלבע דאַגה:
ווו נעמט מען נויטיק איצט אַ גלעזער?

די ליבע וועלט איז ווילד צעיאָכמערט
מיט פעלקער־האַס און קריגס־געשפּענסטער;
מיט קלאַסנקאַמף און אולטימאַטומס,
טאָ וואָס־זשע וויל מען פון מיין פענסטער?

פּאַרטיי־סכסוכים, פעלקער־קאַמפן,
אידעען, לאָזונגען און גלויבן,
דעמאָנסטראַציעס און פּראָטעסטן —
און אַלץ גייט אויס — צו מיינע שויבן.

# יאָר־איין, יאָר־אויס

„זיבן“, און „אַכט“, און „ניין־און־דרייסיק“ —
יאָרן קאָלאָמוטנע, בלאַסע,
רוקן זיך, אַזוי ווי בעטלער
פֿאַר אַ לאַנגער צדקה־קאַסע.

גייען יאָרן, ווי אַקטיאָרן,
נודנע ראָלן, און אָן בייפֿאַל.
שלעכטע, נודנע גאַסטראָליאָרן,
אַלט, צי ניי — דער זעלבער בייפֿאַל.

איין יאָר ביי דעם צווייטן גנבעט,
ביידע ביי דעם דריטן שנאָרען,
נאָכאַמאָל די זעלבע זאַכן,
אָרעמע פֿלאַגיאַטאָרן.

נאָכאַמאָל אַ גמילות־חסד,
נאָכאַמאָל געזוכט אַ דרייער,
נאָכאַמאָל אַ פּעקל „ערגאַ“,
נאָכאַמאָל געצאָלט אַ שטייער.

נאָכאַמאָל די „קליין־זשעמיאַנסקאַ“,
נאָכאַמאָל אַ שוואַרצע קאַווע,
נאָך אַ „דזשאַז“, און נאָך אַ טאַנגאָ,
נאָך אַ פֿליאַטקע אומטשעקאַווע.

נאָך אַן אָונט אויסגעזועסן
אין אַ נודנעם קאַבאַרעטל,
נאָך אַ „גירל״, נאָך אַ זקנה,
נאָכאַמאָל אַ סיגאַרעטל.

נאָך אַ מיטאָג אָפּגעגעסן,
נאָכאַמאָל אַ קאַלבס־קאָטלעטל,
ווידער ברענט מיר אונטער האַרצן,
ווידער סאָדע אַ טאַבלעטל.

נאָכאַמאָל די שיך געלאַטעט,
נאָכאַמאָל געפּרעסט די הויזן,
נאָכאַמאָל — אַ גאַסט — אַ דיכטער
מיט אַ לידל וועגן רויזן...

נאָכאַמאָל געזוכט אַ „ראַנדקע״,
און געקראָכן אויף די שטיגן,
נאָכאַמאָל אַ נאַריש פלירטל
און געזאָגט דעם ווייב אַ ליגן.

אַלץ דאָס גרויע ביסל לעבן,
אַלץ די זעלבע נודנע מחלות,
אַלץ די גרויסע פּאַרציע לאַנגווייל.
גאָטעניו! ווו איז דער תכלית?

# טעריטאָריעס

ייִדן, נאָמיר זיין צופרידן!
דען מען האָט אין שענקען ייִדן
שיינע לענדער גאַנצע פּעק,
וווּנדער־לענדער, טעריטאָריעס
און קאָלאָניעס און מדבריות,
וווּ די וועלט האָט נאָר אַן עק.

סאַן־דאָמינגאָ און גוויאַנע,
טאַנגאַניקאַ, אינדיאַנע,
זאַוויכרייסק און זענזיבאַר,
טשינג־קע־פּו, ניי־קאַלעדאָניע,
ציפּערן און מאַצעדאָניע,
ציילאָן און מאַדאַגאַסקאַר.

גייט עס, גייט עס, ווי פון וואַסער,
ווערסט פון לענדער אַזש נתעשר,
און עס שיט, און שיט, און שיט...
נייע לידער, אַלטע זינגער,
און מען ווייזט דיר מיט אַ פינגער:
וווּ עס וווינט אַ גוטער ייִד.

וואַרט־זשע, דאָס איז נאָך נישט אַלעס,
ס׳גייען לענדער, ווי די כּלות,

מיט נדן און אָן נדן.
און עס קומען די שדכנים,
מיט די שיינע מחותנים,
יעדער מיט אַ רייזע־פּלאַן.

היינט באַקומסטו קירענאַיקע,
מאָרגן שענקט מען דיר יאַמאַיקע,
האַקעדאַטע, סאַכאַלין,
גוואַדעלופּע, טשימבעראָזע,
פֿינסקער בלאָטעס און פּאָרמאָזע,
אַקוואַטולע און קאָברין.

נאָרדפּאָל, זידפּאָל, סימפּעראָפּאָל,
האַרנעסטייפּאַל און מיראָפּאָל,
האָנאָלולו און באָמביי;
נאַגאַסאַקי, פּאָרטאָ־ריקע,
טריסק, אַנגאָלע, מאַזאַנביקע,
און אַלאַסקאַ, קאָלאָמיי.

לענדער נייע, לענדער אַלטע,
הייסע, וואַרעמע און קאַלטע,
טעריטאָריעס אַלערליי.
לענדער פֿון די העכסטע פּרייזן,
רייך מיט קופּער, גאָלד און אייזן,
און קאָלאָניעס רייך מיט שניי.

ייִדן! נאָמיר זיין צופרידן,
דען מען גיט אונז אַלע ייִדן
שיינע לענדער גאַנצע פּעק,
וווּנדער־לענדער, טעריטאָריעס
און קאָלאָניעס, און מדבריות,
וווּ די וועלט האָט נאָר אַן עק.

## פרילינג

איך בין נאַטור־פּאָעט, בין איך.
ווען גאָטס באַשאַף צעפרילינגט זיך,
וואַכט אויף מיין מוזע ברויזיק־יונג,
און טאָרעט מיך: עי, גיב אַ זונג
אַ מאַי־געזאַנג, אַ פרילינגס־ליד,
נאָר נישט קיין אַלטס, גאָט־באַהיט!

דען ווייס, די וועלט — זי לעזט אין ברען
דיין יעדע שאַפונג פון דיין פען.
עס וועט קיין זאַך דיר נישט געשענקט,
עס לעזט די מענטשהייט און געדענקט,
דיין יעדעס ליד, וואָס איז אַמאָל
געדרוקט געווען, און ויפל מאָל.

אָ, גאָטעניו! אַ מאָדנע זאַך:
דו שאַפסט דאָך פרילינגס אויך אַ סך.
אַ יעדעס יאָר דעם זעלבן מאַי,
און קיינער פרעגט נישט: הלמאַי,
דו, בורא, ווידערהאָלסט זיך נאָר,
און שאַפסט דאָס זעלבע יאָר־ביי־יאָר.

דו שאַפסט דאָך פרילינגס אָן אַ צאָל,
און אַלץ דאָס זעלבע יעדעס מאָל.
דער זעלבער הימל, בוים און קוואַל,

די זעלבע בלום, און גרינע בלאַט,
און קיינער זאָגט דיר נישט — „באַנאַל"
און קיינער שרייט נישט: „פּלאַגיאַט".

און איך דיין בידנער זינגער־קנעכט,
איך מוז זיין שטענדיק ניי און עכט.
אַ יעדער זאַץ, אַ יעדער טאַקט
מוז זיין פריש־צאַפּלדיק געבאַקט.
מען זאָל נישט זאָגן: „פּע, נישט שיין!
דו לקחנסט שוין ביי זיך אַליין".

אָ, גאָטעניו, ווי דיר איז גוט!
דיין יעדער שאַפונגס־אַטריבוט,
ווי אַלט עס זאָל נישט זיין, באַנאַל,
איז שטענדיק ניי און געניאַל —
דו ווידערהאָלסט זיך נאָכאַנאַנד,
און קיינער כאַפּט דיך נישט ביים האַנט.

## פון וואַנען ווייס איך, אַז דער זומער איז דאָ?

איך קום אין מיין קנייפּע
און רוף־צו דעם קעלנער:
„עי, קעלנער, אַ פּאַנטשעק!
אַ פּאַנטשעק, האַלאָ!"
און ס'ענטפערט דער קעלנער
גאַלאַנט און פאַרלעגן:
קיין פּאַנטשקעס זענען
שוין, ליידער, נישטאָ... —
דאָן פיל איך בחושים,
אַז אויס מיטן ווינטער,
דער זומער, דער ליבער,
דער זומער איז דאָ.

---

ר' לייבוש קאַוואַיאַרניק
פאַריכט זיין וועראַנדע,
און פאַרבט די שטאַכעטן
אויף גרין און אויף גראָ,
און הענגט אויף די שילדן
פון „שאַדלע" און קעפיר,
פון „יונגע קאַרטאָפל",
פון „שמאַנד" און „קאַקאָ" —

דאַן ווייס איך אויף זיכער,
גישטאָ שוין קיין ווינטער,
דער זומער, דער זומער,
דער זומער איז דאָ.

---

מיין חבר לאַפּידוס —
ער טראָגט שוין נישט לענגער
זיין וואַטענעם שווערן
און גראָבן פּאַלטאָ;
ער טראָגט שוין זיין גומענעם
מאַנטל פון רעגן,
וואָס שפּרייט אויס אַ ריח
פון גומע אַנגראָ, —
דאַן פיל איך בפירוש;
דער ווינטער — פאַריבער.
דער זומער, דער זומער,
דער זומער איז דאָ.

---

פרימאָרגן, צומיטאָג,
ביינאַכט און אין אָוונט
באַפּאַלן מיך דיכטער
צו צוויי און צו דריי,
און לעזן מיר לידער
פון הימל און גראָזן,
פון דופטן אין לופטן
און געטלעכן מאַי, —
דאַן ווייס איך: דער זומער
איז ווידער געקומען,
דער ווינטער, דער ווינטער
איז לאַנג שוין פאַרביי.

---

און זע איך דאָס געסל
מיט וואַסער־געוועלבלעך,
מיט פלעשער, מיט זאַפּטן
פון רויט און פון בלאָ,
און ס'שטייט זיך אַ ייִדל,
דעם דאַשעק פּאַריסן,
און זופט דאָס געטרענקעכץ,
און זופט ביזן דנאָ, —
דאַן ווייס איך: דער ווינטער
איז לאַנג שוין פאַרשוווּנדן,
דער זומער, דער זומער,
איז ווידער שוין דאָ.

# מ אַ י

מײַ,
מײַן מײַ!
מײַן ליבער מײַ!
דו ביסט מיר זיס,
דו ביסט מיר טרײַ,
דו מאַכסט דאָס לידל־שרײַבערײַ
אַ שפּילערײַ.
דו גיסט מיר גראַמען
קײַ־
און־שפּײַ
פון כל־המינים
עד בלי די:
בין איך אַ דיכטער ציוניסט,
דאַן גראַם איך „מײַ"
מיט „ניי"
און „פרײַ"
און „הידד,
עם־ישראל
חי"!
און בין איך רויט,
דאַן גראַם איך „מײַ"

מיט „בליי",
„פאַרטיי",
און „קאָלאָנטיי".
און בין איך
טעריטאָריאַליסט,
דאַן גראַם איך „מאַי"
מיט „פאַראַגוויי".
„שאַנכאַי"
„קיטאַי"
און „נאָרדעניי".
און בין איך סתם
אָן אַ פאַרטיי,
דאַן זינג איך סתם
און סיי־
ווי־סיי
אַ לידל נײַ
פון חודש מאַי:
אָ, מאַי,
מיין מאַי!
מיין ליבער מאַי,
דו ביסט מיר זיס,
דו ביסט מיר טריי,
דו ביסט מיר שיין,
דו ביטס מיר ניי,
פאַר דיר צו לעבן
איז כדאַי.
און אַט אַזוי
אַ לידל ווערט,
אַ שיינע ליד,
נאָר איי, איי, איי,
אַ שפּאָגל־נייע „לאָרעליי".

# נעפּלדיקע טעג

אַ נעפּל האָט זיך אויפגעהאָנגען אויף גאַס, אין שטאָט, אין לאַנד
און איינגעשלונגען מיט די קאָפּיטעס אַלץ־מיט־אַנאַנד.

אַ שווערער נעפּל. קאַלאַמוטנע־גרוי, און דיק, און פעט.
מיר קריכן אום ווי אין געדיכטן גאַלאַרעט.

אַ סדרה נעפּל, און ווו דו קוקסט, איז מוטנע גלאָז,
און ווו דו קוקסט, דאָרט זעסטו גאָרנישט פאַר דער נאָז.

מען זאָגט, אַז האָריזאָנטן־שמאָנטן זענען ערגעץ דאָ.
מען זאָגט, אַז הימלען־שמימלען הענגען ערגעץ בלאָ.

איך ווייס? מען זאָגט. פּילייכט איז עס פאַראַן.
נאָר מיר — מיר זעען בלויז אויף יעדן שפּאַן — טומאַן.

אַך, עפּעס שעמער׳ירט עס יאָ אין מזרח־זייט אַ שיין,
אַ רויטער טשאַד, ווי מוטנער בלוטיק־רויטער וויין.

און אויף דעם מערב־נעפּל שוועבט עס אויך אַ רויטער הויך —
אַ ווייטער אָפּגלאַנץ פון געפלאַם און דאַמף און רויך.

און דאָ — דאָ קריכן אום נעפּל אויך געדעכט,
קאָשמאַרן און נישט־גוטע און „באַרטאָלאָמייער נעכט״.

ס'איז נעפּלדיק אין אונזער לעבן. נעפּל אין דער פּאָליטיק.
ווּ גייען מיר? צו לינקס, צו רעכטס, פאָרויס, צו גאָר צוריק?

מיר שטייען אומבאַהאָלפן פאַר אַ גרויער וואַנט
און טאַפּן אין דער פינסטער מיט אַ בלינדער האַנט.

אַ נעפּל הויערט אויף די וועגן אויסגעשפּרייט,
עס רעדן דיפּלאָמאַטן נעפּלדיקע רייד.

און ווערטער, לאָזונגען, פּראָגראַמען — אויסגעמישט,
אין ליכט און שאָטן, רעכט און אומרעכט — אַלץ פאַרווישט.

אין נעפּל טוקט זיך אויך דער קאַלטער אַלביאָן,
דאָס לאַנד פון באָגי־קונסט פון אייביק אָן.

און ס'קריכן דיר די נעפּלען טיף אין מאַרך און ביין
און שטיקן, מאַטערן... און ווילן נישט צעגיין.

# אין אַ זומער־אָוונט

דאָס געווען איז אַנוסטן,
זומער־לעב פאַרנאַכט:
איז געווען דער מערב־הימל
אויסגעפוצט אַ פּראַכט.

איז צעמאָלן, ווי אַ באַטיק —
שאַרלאַך, ראָז און גרין,
וואָלקנדלען, ווי זייפנבלאָזן —
זילבער און בורשטין.

און אַ זון האָט דאָרט געבליצלט
פול מיט שיק און גלאַנץ,
ווי אַ גרויסער אָראַנזש־רויטער
יפוער פּאָמעראַנץ.

און דאָס אַלעס, הכל־בכל,
מיט דעם גאַנצן קראַם:
האָט געשפּילט זיך אין אַ טייכל
מיט דער גרינער ראַם.

קורץ, אַ לאַנדשאַפט מיט קאָלירן,
גלאַטיק, ווי אַ גליטש.
שטוינסט: ווי האָט געקאָנט דער בורא
שאַפן אַזאַ קיטש.

כ׳בין געזעסן ביי דעם טייכל
מיט אַ מויד דערביי,
און געהייסן האָט דאָס ווײַזן
סאַראַ טאַלאַליי.

מיט אַ פּנים, ווי אַ פויגל,
מיט טלענירטע האָר,
מיט אַ „וואַליק", ווי אַ בייגל,
לעקעלעך אַ פּאָר.

אָנגעטון אין דאַטשע־הויזן
ס׳מיידל טאַלאַליי —
רויט געפאַרבט די ליפּן, ווי אַ
וואַרשעווער טראַמוואַי.

ס׳האָט די מויד גערעדט ראָמאַנטיש
פונקט, ווי פּאָמפּאַדור:
„אַך, ווי גוט צו זיצן אויפן
שויס פון דער נאַטור".

ס׳אַראַ געטלעכע „פּשיראָדע" —
טראָווערדיק און זיס,
פונקט אַזאַ האָב איך געזען אין
קינאָ „פּאַראַדיס".

יאַך וואָלט אָט אַזוי געזעסן
ביי דעם זון־פאַרגאַנג,
אָנגעקוקט די פּאַנאָראַמע
און „געמאַזשעט" לאַנג.

יאַך בין זייער „נאַסטראָיאָווע",
חיסן זי, יאַך קען
שוין דעם דיכטער סעגאַלאָוויטש,
יאַך האָב אים געזען.

נאָכדעם האָט זי מיר גערעדט פון
ליבע און מאָראַל,
„לײדנשאַפט" און „וואַרע ליבע",
„זעלע" און „שיקזאַל".

פלוצלינג, ווי אַ פרומע נאָנע,
קײלעכדיק און בלאַס
איז אַרויסעט די לבנה
פון איר פוטערפאַס.

און באַזילבערט טײך און לאָנקע,
בוים און פעלד און גאַרב,
ווי אַ בילד פון מאָלער ברוינער
מיט „אָלעינע" פאַרב.

און געזונגען מיט מתיקות
האָט אַ סאָלאָווײ.
און געקוואַקעט האָט אַ כנופיא
זשאַבעס אַלערלײ.

און מײן מײדל האָט געטרילערט
אויך אין אוניסאָן
„באַיאַדעראַ" און „גדי וורוציש",
מיט אַ באַריטאָן.

האָט עס אָנגעפילט מײן זעלע
פול מיט ליבעס־ווײ,
שיער־שיער נישט געלאָזט אַ טרערל
און געזאָגט אַזוי:

אָך, זי זינגען, ווי אַ געטין,
ווי אַ נאַכטיגאַל.
זאָגט זי: יאַך האָב „אַן אוטשוטשע".
יאַך בין מוזיקאַל.

זאָג איך: הערן זי זיך איינעט,
ווי עס קלאַפּט מיין ביוסט,
קלאַפּט צום טאַקט פון ענקער הערצן
און פון ענקער ברוסט.

זאָגט זי: אַך, איר מענער ליבט נאָר
קערפּערלעך די פרוי.
זאָג איך: גאָט באַהיט, ווי קאָנט עטץ
טראַכטן גאָר אַזוי?

און איך צערטל עס דעם מיידל
און די ליבע ברענט;
זאָגט דאָס מיידל: „פראָשען פאַנאַ,
כ׳בעט איך, נאָר אָן הענט״.

גאָטעניו, פונוואַנען נעמסטו
אין די זומער־נעכט
אַזאַ ים באַנאַליטעטן
פאַר דיין בידנעם קנעכט?

# טראַ־ליאַ־ליאַ! און אוי־אוי־אוי!

טרעף איך מיין באַקאַנטן בערל,
פרעג איך:
— זאָג מיר, ליבער חבר בערל,
ווו פאַרברענגט אַצינד דיין ווייבל?
ענטפערט ער מיר מיט אַ גדולה
אויפן העכסטן גראַד:
— אָ, מיין ווייבל איז אַצינדער
אין קאַרלסבאַד.
טראַ־ליאַ־ליאַ! טראַ־ליאַ!

---

טרעף איך אין קאַפע הער מלינעק,
זיצט דערביי מיין שותף יאַוועץ,
טרינקען מיר „אַ קאַפוציבעק"
פרעג איך:
— ליבער שכן מלינעק,
ווו פאַרברענגט איצט אייער ווייבל?
פרייט ער זיך:
אין טשעכאָטשינעק!
— און ביי אייך, ידידי יאַוועץ?
— מיינע? אָ! איז אין טרוסקאַוויעץ.
טראַ־ליאַ־ליאַ! טראַ־ליאַ!

---

שטעל איך אָפּ מיין פריינט כּהנא:
— פריינט כּהנא, וווּ איז איצטער
אייער פלונית דאָבע חנה?
ענטפערט ער מיר מיט אַ שמחה
(און איך בין אים שטאַרק מקנא):
— גאָט זיי דאַנק, מיין דאָבע־חנה
איז איצינד אין זאַקאָפּאַנע.
און מיין שוויגער ביילע הינדע
איז איצינד אין שווינעמינדע.
טראַ־ליאַ־ליאַ! טראַ־ליאַ!

---

טרעף איך אָן מיין שכן וואָווע,
פרעג איך אים:
— אַ, שכן וואָווע,
וווּ איז אייער ווייב געפאָרן?
ענטפערט ער מיט הרחבה,
און דאָס פּנים זיינס פרייט זיך:
— אַ, מיין פלוניתטע, פאַרשטייט זיך,
איז געפאָרן קיין אָרלאָווע.
טראַ־ליאַ־ליאַ! טראַ־ליאַ!

---

פונקט אַזוי מיט חבר פּיניע:
— חבר פּיניע, וווּ איז איצט
דיין ווייבל גינע?
מאַכט ער מיט אַ קול נגינה,
מיט אַ האָפערדיקער מינע
(און איך הער, איך פּלאַץ פאַר קנאה):
— אַ, מיין טייער ווייבל גינע
איז איצינד אין פּאַלעסטינע.
טראַ־ליאַ־ליאַ! טראַ־ליאַ!

---

פרעג איך מיר דעם פאַן מאַוריצי:
— זאָג מיר, פאַניע מאַוריצי,
וווּ איז איצטער אייער אשה?"
ענטפערט ער און שיינט פאַר נחת,
ווי ער וואָלט באַקומען שישי:
— דאַכט זיך, אַז מיין ווייב פעליציע
זיצט אַצינדער גאָר אין ווישי,
אָדער אפשר גאָר אין ניצע.
טראַ־ליאַ־ליאַ! טראַ־ליאַ!

---

קום איך מיר אַהיים צו גיין —
זי איז דאָ, מיין ווייבל־קרוין,
זי איז, ווי צו מיין געביין,
גאָר אין ערגעץ נישט געפאָרן.
נישט קיין ווישי, נישט קיין ניצע,
נישט זאַגאַר קיין פאַלעניצע,
נישט געפאָרן קיין אָרלאָווע,
נישט קיין אורלע, נישט קיין גדיניע,
נישט זאַגאַר קיין פאַלעסטינע, —
ערגעץ נישט געפאָרן — ביין.
זעץ איך מיר זיך אויף אַ שטיין
און איך וויין...

# צ ו פ י ל

אונזער אומגליק,
אונזער דלות,
וואָס מיר האָבן
צופיל אַלעס;
צופיל קראָמען,
צופיל קרעמער,
צופיל פינגער,
צופיל נעמער,
צופיל וועקסלען,
צופיל חובות,
צופיל מאַכערס,
בעלי־טובות;
צופיל סוחרים
און באַנקראָטן,
צופיל שוטים,
אידיאָטן.
איי, טידל, טידל־דידל באָם! (ביס).

אונזער אומגליק,
אונזער דלות,
וואָס מיר האָבן
צופיל אַלעס;

צופיל בלאָפער,
צופיל דרייער,
צופיל קינסטלער,
ליידיקגייער;
צופיל זינגער,
צופיל שפּרינגער,
און אַקטיאָרן,
גאָלע דרענגער;
צופיל פּיסקעס,
און קורסיסטקעס,
ביוראַליסטקעס,
מאַסאַזשיסטקעס;
צופיל פּראַנטן,
קאָמעדיאַנטן,
דילעטאַנטן,
אַפּליקאַנטן.
איי, טידל, טידל־דידל באָם! (ביס).

אונזער אומגליק,
אונזער דלות,
וואָס מיר האָבן
צופיל אַלעס:
צופיל ביכער,
צופיל פלעקער,
צופיל קריכער,
טעלער־לעקער;
צופיל דיכטער,
צופיל שרייבער,
צופיל מיידלעך,
צופיל ווייבער;
צופיל רעכטע,
צופיל לינקע,

צופיל פודער,
צופיל שמינקע.
איי, טידל, טידל־דידל באַם! (ביס).

אונזער אומגליק,
אונזער דלות,
וואָס מיר האָבן
צופיל אַלעס:
צופיל פּאַרטיעס,
צופיל שרייער,
צופיל מיילער,
צופיל קייער;
צופיל שווינדלער,
און גנבים,
צופיל בילער,
צופיל כּלבים;
צופיל באַנדעס,
כוליגאַנעס,
שאַנטאַזשיסטן
און בויאַנעס.
צופיל קוילן
און האַרמאַטן,
צופיל ביקסן
און גראַנאַטן,
איי, טידל, טידל־דידל באַם! (ביס).

# פון מיינע לעבנס־חכמות

מ׳באַשולדיקט מיך, אַז איך גנבע פרעמדע וויצן. נו, מַה רעשו? איך האַלט נישט מיט אַלפרעד דע מוסיע; ער זאָגט, נעמ־לעך: מיין בעכער איז קליין, אָבער איך טרינק פון מיין אייגענעם בעכער. איך זאָג: מיין בעכער איז קליין, טרינק איך דעריבער פון אַ פרעמדן בעכער, אַ גרעסערן.

אָבער אויך דער אַפּאָריזם איז געגנבעט.

* * *

גיי איך פאַרביי אַ פאָטאָגראַפיש שוי־פענסטער מיט אויסגע־שטעלטע בילדער, ווייס איך, צו וועלכער פאַרטיי דער פאָטאָגראַ־פיסט געהערט. שטייט דאָרט אויסגעשטעלט אַ גרויס בילד פון באָ־ראָכאָוו, ווייס איך, אַז דער פאָטאָגראַפיסט איז אַ פּועלי־ציוניסט. שטייט דאָרט אויסגעשטעלט אַ גרויס בילד פון מעדעם, איז דער פאָ־טאָגראַפיסט אַ בונדיסט. און שטייט דאָרט אויסגעשטעלט אַ בילד פון אַ נקבה, איז דער פאָטאָגראַפיסט אַן אגודהניק.

* * *

וואָס איז, אייגנטלעך, אַ גרויסע שטאָט? — אַ גרויסע שטאָט איז אַזאַ שטאָט, וואָס איז גרעסער פון אַ קליין שטעטל.

(איר קאָנט אפשר פון דעם אַפאָריזם נישט האַלטן; מיר געפעלט ער).

* * *

אַ האַנטוך דאַרף מען צוגרייטן פריִער, איידער מ׳גייט זיך וואַשן; וואָרום, ווי איז דעם, וואָס דאַרף נאַסערהייט זוכן אַ האַנטוך.

אָנמערקונג פון אויטאָר: דער דאָזיקער אַפאָריזם איז מיר זייער געפעלן געוואָרן, בעת ער איז איינגעפאַלן. נאָכדעם, ווי איך האָב אים אויפגעשריבן, האָב איך דערזען, אַז ער איז גאָרנישט אַזוי איי־איי־איי... נאָר מילא. אַז ער איז שוין אויפגעשריבן, זאָל ער בלייבן.

* * *

ווי קלוג דער שרייבער זאָל נישט זיין, איז דאָך דער פאָר־לעגער קליגער פון אים.

* * *

ווי קלוג און פאַרנונפטיק איז די נאַטור: טאָמער רייסט זיך ביי דיר אָפּ אַ קנעפּל, בלייבט שטענדיק אויף דעם אָרט אַ סימן, כדי מען זאָל וויסן, ווו אָנצונייען אַ פריש קנעפּל. (אַליין באַ־אָבאַכט).

* * *

פאַרוואָס איז עס, אַז דו האָסט אַ פולע קעשענע מיט צוואַנ־ציק גראָשן־שטיקלעך און צווישן זיי איין איינציקן פינף גראָשן־שטיקל, און קוים דאַרפסטו צאָלן אין טראַמוואַי און ווילסט אַרויס־נעמען אַ צוואַנציק גראָשן־שטיקל, שלעפּסטו פונקט אַרויס דעם פינפער־גראָשן?

* * *

ווען איינער קומט פון אַ נסיעה, זייט פריינטלעך און הערט אים אויס זיינע מעשיות. ס׳איז כמעט אַזאַ מצווה, ווי ביקור־חולים.

* * *

ווען איך גיי אין יידישן טעאַטער, זע איך צו קויפן אַ גוטן פּלאַץ. אויב שוין יאָ אָפּקומען, טאָ לאָמיך כאָטש זיצן ווי אַ מענטש.

* * *

האָט איר באַמערקט אַמאָל, אַז ווען אַ רעדנער אָדער אַ פּאַר־לעזער גייט אַראָפּ פון דער טריבינע, האַלט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

דאָס שעמט ער זיך, ווי ער וואָלט אָפּגעטון אַ זייער מיאוסע זאַך.

* * *

מ׳קאָן טראָגן אַ שילער־קאָלנער און נישט וויסן, אַז ס׳איז גע־ווען אויף דער וועלט אַ דיכטער שילער. דאָס זעלבע אויך אומגע־קערט.

* * *

איך בין באַרימט. מיך קענען אַ וועלט מיט מענטשן. איינמאָל בין איך געווען אויף אַ באַנהויף; מיר האָט אויסגעפּעלט זיבעצן גראָשן צו אַ בילעט, האָב איך ביי קיין איין באַקאַנטן נישט געקאָנט באַקומען. געקריגן האָב איך עס — ביי אַ ווילד־פרעמדן פורמאַן.

* * *

אַז איך דערמאָן מיך, וועגן וויפל ביכער איך האָב גערעדט, דערמאָנט און ציטירט (נעמען מיר, למשל, מאַרקס „קאַפּיטאַל״ וכדומה), וואָס איך האָב אַפילו נישט אָנגעהויבן צו לייענען, ווער איך רויט פאַר בושה.

מיין טרייסט איז, וואָס איר אַלע טוט אַזוי! — — —

* * *

איך האָב אַמאָל געזען ביים אָפּגיין פון אַ שיף, ווי אַ יונגער טערק האָט זיך געזעגנט מיט זיין מוטער. די מוטער האָט אים גע־האַלזט, געקושט. און דאַן האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אַ טער־קישע מאַמע איז אויך אַ מאַמע.

(ווען דער דאָזיקער אַפּאָריזם וואָלט געווען נישט פון מיר, נאָר פון בערנאַרד שאָו, וואָלט איר פון אים געלעקט די פינגער).

* * *

גישטאָ די בעסטע פּיעסע, אָדער אָפּערע אויף דער וועלט, ביי וועלכע דער צושויער, אָדער צוהערער, זאָל אַ פּאָר מאָל נישט אַ געגעץ טון (דערמאָנט זיך נאָר גוט און זאָגט דעם אמת).

* * *

געפּרעסטע הויזן מיט אַ שאַרפן קנייטש זענען ערשט אַריין אין דער מאָדע זינט פינף און דרייסיק יאָר (אַזוי באַהויפּטן די מאָדע־קענער). אַז מען דערמאָנט זיך, אַז טויזנטער יאָרן און דורות האָבן מענטשן געטראָגן הויזן אָן אַ קנייטש, כאַפּט אַזש אָן אַ שרעק.

* * *

אַז איך וויל אויסברענגען אַן אייגענעם געדאַנק, און וויל, ער זאָל מאַכן אַ רושם, זאָג איך אים שטענדיק אין נאָמען פון עפּעס אַן אויסגעטראַכטן מענטשן, וואָס איז לא היה ולא נברא, ווי למשל:

— דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער קאַפּאַראַטאַן זאָגט,
איר האָט דאָך געוויס געהערט פון אים?

— געוויס. — ענטפערן מיר הונדערט פּראָצענט פון מיינע מיטשמועסער.

דערפון איז געדרונגען, אַז הונדערט פּראָצענט פון דער מענטשהייט זענען גאָלע ליגנער...

* * *

מ'קאָן זיצן אויף די העכסטע בערג און שרייבן די פלאַכסטע וויצן (זע מיינע פעליעטאָנען וועגן די קאַרפּאַטן).

* * *

— וואָס איז אַן אימפּרעסאַריאָ?

— אַן אימפּרעסאַריאָ איז אַ מענטש, וואָס נעמט אַ קינסטלער און פירט אים אַרום „עטאַפּנעם פּאָריאַדקאָם".

* * *

— וואָס איז גליק?

— גליק איז ווען מען קאָן זיך יעדן טאָג ראַזירן מיט אַ פריש מעסער.

* * *

דאָ, אויף דעם דאָזיקן אָרט, באַדאַרף זיין געדרוקט זייער אַ גוטער אַפּאָריזם; נאָר מחמת ער איז נאַריש, דרוקן מיר אים נישט.

* * *

האָב נישט קיין מורא פאַר קיין הייסע קאַרטאָפל, ווען קאַלטע זוויערמילך איז דאָ דערביי. (וואָלט איר געגלויבט, אַז דער דאָזי־קער אַפּאָריזם איז פאַראַן ביי סאָפאָקלעס?).

* * *

וואָס איז עלטער? ווען איר גייט פאַרביי אַ מעבל־געשעפט און איר זעט אין פענסטער אַ פאָטעל און איר טראַכט:

אַך, ווען איך קאָן מיך דאָ אַביסל אַוועקזעצן.

* * *

דער הייסער יִדישיסט און פאָלקלאָריסט, אַפּאָלינאַרי ראַ־דזיווילאָווסקי, האָט אָנגעשריבן אַ בוך, ווו ער קעמפט פייערלעך פאַר דער ריינקייט און פאָלקסטימלעכקייט פון יִדישע נעמען. דאָס בוך איז געווידמעט זיין פרוי קריסטינאַ און זיינע קינדער אָלגאַ און סטאַך.

* * *

אַ גוטער דיכטער איז דער, וואָס קען שרייבן — פּראָזע; וואָרום לידער קען אַפילו אַ שלעכטער דיכטער אויך שרייבן.

* * *

שלעכט זענען די באַנאַלע מענטשן, די סנאָבן און די גראַפאָ־מאַנען; אָבער נאָך ערגער איז, ווען אַ באַנאַלער מענטש קלאָגט זיך

פאַר דיר: אַך, די באַנאַליטעטן! — ווען אַ סנאָב קלאָגט זיך פאַר דיר: אַך, דער סנאָביזם! — און ווען אַ גראַפאָמאַן קלאָגט זיך: אַך, די גראַפאָמאַנען!

* * *

געלט איז אַ גרויסע זאַך, געלט איז אַ געהויבענע זאַך, אַ טייע־רע זאַך. פונדעסטוועגן האָב איך קיינמאָל נישט געזען, אַז עמעצער זאָל זיך לאָזן פאָטאָגראַפירן אין דער פאָזע, ווי ער ציילט געלט, אָדער אויף דעם הינטערגרונט פון אַ קאַסע, וואָס איז אַרומגע־קלעפט מיט באַנקנאָטן.

* * *

מיטן יידישן טעאַטער איז אַזוי: גייט אַ פּיעסע תיכף אַראָפּ פון דער בינע, איז אַ סימן, אַז די פּיעסע טויג נישט. גייט זי אָבער זייער און זייער אַ לאַנגע צייט — קאָן ערשט רעכט גע־מאָלט זיין, אַז זי טויג נישט.

* * *

אַליין ווין איך אין קראָקע. זענען צו מיר געקומען צו פאָרן צוויי ברידער. איינער פון גאַרוואָלין און דער צווייטער פון ניו־יאָרק.

קלאָגט זיך דער ערשטער:

— איך ווייס גאָרנישט, ווי מען קאָן דאָ לעבן ביי אייך אין קראָקע, אַזאַ רעש, אַזאַ טומל. מען קאָן דאָך משוגע ווערן פון ליאַ־רעם.

דער צווייטער קלאָגט זיך:

— איך ווייס גאָרנישט, ווי אַזוי לעבט מען דאָ ביי אייך אין אַזאַ שטילקייט, אַזאַ לאַנגווייליקייט, ווי אין קראָקע. מען קאָן דאָך פון זינען אַראָפּ פון אַזאַ לאַנגווייליקן אומעט.

און ביידע זענען אַנטלאָפן.

אָט האָט איר אייך די רעלאַטיוויטעט־טעאָריע.

* * *

אַ שלעכטער קאַרעקטאָר קומט אויך אַמאָל צונוץ: אַ שרייבער אַן עם־הארץ קאָן אויף אים אַרויפוואַרפן די שולד פאַר די גרייזן.

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס באַרימען זיך, אַז זיי זענען אַליין און איינזאַם. אין דער אמתן באַהאַלטן זיי זיך אויס פון בעלי־חובות.

* * *

מען קאָן האָבן אַ שאַרפן פּראָפיל און אַ טעמפּן קאָפּ. (זע מיין פריינט דעם דאָקטאָר־פילאָזאָף ק.).

* * *

געטע האָט פאַרן טויט געשריגן: „מער ליכט!" אסור אויבער וואָלט עס געשריגן, ווען ער וואָלט באַדאַרפט צאָלן פאַר עלעקטרישע באַלייכטונג.

* * *

וועגן השארת־הנפש ווידער זאָג איך אַזאַ געדאַנק:
„וויבאַלד אַ מענטש לעבט נאָכן טויט, טאָ צו וואָס האָט ער איבערהויפּט צו אַלדע גוטע יאָר באַדאַרפט שטאַרבן?"
אַ יאָ גוט?

* * *

נאָמיר שוין אַמאָל וויסן, פאַרוואָס מען שניידט קאָלבאַס איבערדערקרום?

* * *

איר זאָגט, אַז עס איז דאָ „פרייער ווילן" ביים מענטשן. און איך לייקן. ווי אַזוי קאָן זיין פרייער ווילן, אַז איך קאָן פאַרויס־זאָגן גענוי, ווי אַזוי דער מענטש וועט האַנדלען ביי אַזעלכע און אַזעלכע אומשטענדן.

למשל:

ווען איר וועט אים באַווייזן אַ מצבה מיט געשניטענע אותיות, וועט ער זיכער מיטן פינגער אַ פיר טון איבער די אותיות.

ווען איר וועט אים ווייזן אַ הייס־אָנגעברענטן פרעס־אייזן, וועט ער זיכער אויף דעם אַ שפיי טון.

אַז איר וועט אים ווייזן אַ בייטל מיט אַ רייס־שלאָס, וועט ער זיכער דעם שלאָס אַן עפן־טון און אַ פאַרמאַך־טון.

און אַז איר וועט אים צופירן צו אַ מיט טוי־פאַרהויכטער שויב, וועט ער זיכער אויף דעם מיטן פינגער אַ שרייב טון.

איצט גלויבט איך אין בחירת חפשית.

* * *

עך, ווען דאָס לעבן וואָלט געווען אַזוי גרינג, ווי אָפּשיילן אַ מאַנדאַרינקע.

* * *

אַ שרייבער הערט אַמאָל אויף צו שרייבן, נישט ווייל ער ווערט מיד אָדער ווייל ער האָט זיך אויסגעשריבן, נאָר פשוט, ווייל ער ווערט קליגער.

* * *

מיט אויסבאָרגן געלט איז אַזאַ כלל: דער, וואָס האָט אַ טבע אָפּצוגעבן, דער באָרגט נישט, און דער, וואָס באָרגט, דער האָט נישט קיין טבע אָפּצוגעבן.

* * *

קיינער שעצט נישט אַזוי הויך די פרייהייט פון געדרוקטן וואָרט, ווי אַ גראַפאָמאַן.

* * *

ס'איז אַמאָל נישט קיין חסרון, וואָס מענטשן לייענען נישט דיינע נאָוועלן. דו קאָנסט זיי איבערדרוקן אָן אַ סוף.

* * *

גיט מיר צו פאַרשטיין דעם שכל: פאַרוואָס, אַז מען פאַר־לירט איין (1) הענטשקע, האָט מען אַ סך מער עגמת־נפש, ווי אַז מען פאַרלירט ביידע הענטשקעס מיטאַמאָל?

דאָס זעלבע איז מיט קאַלאָשן.

* * *

וואָס מער מען ליידט אויף ציין־ווייטיק, אַלץ גרעסער איז דאָס פאַרגעניגן.

דאָס זאָג איך סתם אַזוי, כּדי צו ווייזן, אַז איך קאָן אַמאָל זאָגן אַ פּאַראַדאָקס אויך.

# אינהאַלט

הומאָריסטישע סקיצן

אויף לאַגער געפינען זיך פאָלגנדע ביז-איצט-דערשינענע ווערק פון זעלבן מחבר:

---

אויף־צו־כלומרשט
מיטן קאָפּ אַראָפּ
מיט די פיס אַרויף (אויספאַרקויפט)
פאַרט אַ ייִד קיין ארץ־ישראל
אַ געלעכטער אָן אַ זייט (אויספאַרקויפט)
אין גוטן מוט
איך לאַך פון אייך
דאָס פריילעכע טעאַטער

---

הויפּט-פאַרקויף:

„קולט-בוך", וואַרשע, נאַלעווקי 2a.

